# נאטור און קולטור

אונטער דער רעדאקציע פון י. יאשונסקי

פּאפּולער־
וויסנשאפטלעכע
ביבליאטעק

פּראָפ. א. וו. נעמילאָוו

# ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי

1929

№ 7-8

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג
קולטור־ליגע — ווארשע

# נאַטור און קולטור



פאָפולער-וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק
אונטער דער רעדאַקציע פון
י. יאשונסקי

VII—VIII


# ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי


פארלאג „קולטור-ליגע", ווארשע

א. וו. נעמילאָוו
פּראָפעסאָר פון לענינגראַדער אוניווערסיטעט
און לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט

# ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי

יידיש: ג. יאַשונסקי

איבערזעצונג פון דער 4טער פאַרברייטערטער
און איבערגעאַרבעטער רוסישער אויפלאַגע

פאַרלאַג „קולטור-ליגע”, וואַרשע

# אינהאַלט.

# הקדמה צו דער פערטער (רוסישער) אויפלאַגע.

דעם טעקסט פון דערדאָזיקער אויפלאַגע האָב איך איבעראַנייעס באַאַרבעט און דערגאַנצט מיט אַ ריי נייעסטע ידיעות פון דער געשלעכטס-פיזיאָלאָגיע. צום סוף בוך האָב איך ווי אַ נאָכוואָרט געבראַכט אייניקע כאַראַקטעריסטישע אויסצוגן פון דער גרויסער צאָל בריוו, וועלכע איך האָב באַקומען און באַקום אויך איצט פון די לעזער און הויפּטזאַכלעך לעזערינס אין די פאַרשידענע ווינקעלעך פון ראַטן-פאַרבאַנד. אין אַ סך בריוו זענען געשטעלט געוואָרן פראַגן מיט אַ ביטע צו געבן אויף זיי אַן ענטפער אין דער קומענדיקער אויפלאַגע פון מיין ביכל. צום באַדויערן האָב איך נישט קיין מעגלעכקייט דאָס צו טון, ווייל די מייסטע פראַגן גייען-אַרויס אויסער די גרענעצן פון מיין טעמע. ביי אַ פּאַסיקער געלעגנהייט וועל איך ענטפערן אויף זיי אין אַנדערע מיינע אַרטיקלען.

אין דער רוסישער און דייטשער פּרעסע *) זענען געווען געדרוקט נישט ווייניק נאָטיצן און רעצענזיעס וועגן מיין ביכל. הגם זיי גיבן אַ רייכן מאַטעריאַל פאַר פּאָלעמיק, האָב איך נישט בדעה מיט וועמען נישט איז צו פּאָלעמיזירן. איך באַגנוגן זיך מיט אַרויסזאָגן זיך אין דער איצטיקער אויפלאַגע קלאָרער וועגן אייניקע פראַגן, וואָס זענען באַרירט געוואָרן אין די רעצענזיעס. אין לעצטן קאַפּיטל מאַך איך נאָך אייניקע אויספירן פון דער געשלעכטלעכער ביאָלאָגיע.

איך וואָלט זייער געבעטן די לעזער, נישט אויסצוטייטשן

---

*) מיין ביכל איז אין יאָר 1925 דערשינען אין דייטש און אין יאָר 1928 — אין שוועדיש; רעצענזיעס וועגן אים זענען געווען געדרוקט סיי אין ספּעציעלע מעדיצינישע זשורנאַלן, סיי אין דער אַלגעמיינער פּרעסע.

צו ברייט מיין ביכל. די געשלעכטלעכע פראַגע איז אַזוי פּילזייטיק, אַז ווענן איר קאָן געבן אַ מער-וויניקער פולקומע פאָרשטעלונג בלויז אַ ריי ביכער, געשריבן פון פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן. אין מיין ביכל ווערט באַהאַנדלט בלויז די ביאָלאָגיע פון דער פּרוי, און מיין איינציקער ציל איז באַקענען דעם לעזער מיטן אַלף-בית פון דערדאָזיקער פראַגע. קיין שום אַנדערע אויפגאַבן, אַחוץ דער „ליקווידירונג פון עם הארצות" אויף דעם געביט, האָב איך זיך נישט געשטעלט, און קיין שום אויספירן, אַחוץ ביאָלאָגישע, האָב איך נישט געמאַכט און האָב נישט בדעה צו מאַכן. ס'וואָלט גוט געווען, ווען דער לעזער זאָל פאַרשטיין, אַז קיין אוניווערסאַלע ביכער זענען בכלל נישטאָ, און אויב אַ ביכל איז אָנגעשריבן, אַז ס'איז אַ ביאָלאָגישער עטיוד, טאָר מען פון אים נישט פאָדערן קיין שום אַנדערן, נישט-ביאָלאָגישן צוגאַנג צו דער טעמע. יעדער איינער קוקט אויף די דערשיינונגען פון אַרומיקן לעבן מיט זיינע אויגן, און זעלבסטפאַרשטענדלעך וועט דאָס לעבן פון דער פּרוי גאָר אַנדערש אויסזען אין דער פאָרשטעלונג פון אַ פּאָעט, דאָקטאָר, עקאָנאָמיסט אָדער פּאָליטיקער, און גאָר אַנדערש, בעת עס ווערט אונטערזוכט דורך דער פּריזמע פון ביאָלאָגיע. כּדי צו באַקומען אויף וואָסער-נישט-איז געביט אַ מער-וויניקער אַלגעמיינע פאָרשטעלונג, איז אומבאַדינגט נויטיק צו באַטראַכטן די פראַגע מיט די „אויגן" פון פאַרשידענע ספּעציאַליסטן.

מיין ביכל איז געווידמעט בלויז איין זייט פון דער פּרויס לעבן, אַזעלכע זייטן זענען פאַראַן זייער און זייער אַ סך, און זייער באַלייכטונג דאַרף מען זוכן אין פאַרשידענע אַנדערע ביכער.

## אַ. נעמילאָוו.

דער מחבר באַגייט אין זיין הקדמה אין געוויסן זין אַן אומרעכט אַקעגן זיין ווערק. ער כאַראַקטעריזירט עס בלויז ווי אַ ווערק פון אַ פאַכמאַן, און אין דער ווירקלעכקייט איז פּראָפ. אַ. נעמילאָווס צוגאַנג צו דער טעמע אַ סך אַ ברייטערער. ער

באַהאַנדלט טאַקע אויסשליסלעך די ביאָלאָגישע זייט פון דעם פּראָבלעם, אָבער ער טוט עס נישט ווי אַן ענגער ספּעציאַליסט, נאָר ווי אַ מענטש, וועלכער שטייט מיטן אין לעבן, פילט די טיפע ערנסטקייט פון דער געשלעכטלעכער פראַגע און פאַרשטייט זי צו באַהאַנדלען אויפריכטיק און מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייטס-געפיל.

די ברייטע נישט-ספּעציעלע, נאָר אַלגעמיין-הומאַניסטישע באַלייכטונג פון דעם פּראָבלעם האָט געבראַכט דערצו, אַז דער מחבר זאָגט-אַרויס אין געוויסע שטעלן זיינע סוביעקטיווע מיינונגען. מיר האָבן זיך נישט געהאַלטן פאַר באַרעכטיקט עפּעס-וואָס צו ענדערן אין דער באַציִונג, אַלצאיינס צי מיר זענען מסכים מיטן פאַרפאַסער אָדער נישט. די יידישע אויסגאַבע איז בכן אַ געטרייע איבערזעצונג פון דעם רוסישן אָריגינאַל, מיט איין אויסנאַם. מיר האָבן אויסגעלאָזן אַלע ביבליאָגראַפישע נאָטיצן, ווייל זיי באַציען זיך צומייסט אויף ווערק און צייטשריפטן, וועלכע זענען אונזער לעזער נישט-צוטריטלעך; מיר האָבן אויך אויסגעלאָזן די צייכענונגען, וועלכע זענען נישט אומבאַדינגט נויטיק צום פאַרשטיין דעם טעקסט. אַזוי-אַרום איז דאָס בוך געוואָרן קלענער אין פאַרנעם און צוטריטלעכער פאַרן לייענער.

אין איניקע ערטער האָבן מיר נאָך פאַרביטן ספּעציעלע טערמינען אויף איינפאַכערע און צוגעגעבן דערקלערונגען צו איניקע פרעמד-ווערטער.

רעדאַקציע.

# אריינפיר.

עס קאָן זייער זיין, אַז דער נאָמען, וועלכן איך האָב צוגעטראַכט פאַרן ביכל, איז נישט קיין געלונגענער. די ווערטער „טראַגעדיע", „טראַגיזם" פלעגט מען פאַרשידן פאַרשטיין צו פאַרשידענע צייטן. עס פאַלט מיר אָבער נישט איין קיין אַנדער, מער צוגעפאַסט וואָרט, וואָס זאָל בעסער אויסדריקן דאָס, וואָס איך האָב אין זינען.

אין מענטשלעכן לעבן איז אוממעגלעך אויסצומיידן יסורים. פון אַלע לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס באַוווינען אונזער ערד, ליידט מערער פאַר אַלע דער מענטש. אַחוץ אַלע יענע ווייטיקן און צרות, פון וועלכע עס ליידט יעטוועדער בעל־חי, מוז דער מענטש אויסשטיין נאָך אַ גאַנצע ריי מענטשלעכע ענויים, וואָס זענען לחלוטין אומבאַקאַנט די בעלי־חיים. די הויכע עוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג פון מענטש איז געקויפט געוואָרן פאַר אַ גאַנץ טייערן פרייז, און פאַר זיין „באַזונדער" אָרט אין דער נאַטור צאָלט דער מענטש נישט ווייניק. דער געדאַנק, אַז „בעלי־חיים זענען אַ סך גליקלעכער פאַר מענטשן" איז שוין נישט איינמאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן און לייגט זיך יעדערן אויפן שכל. דער מענטש האָט נישט בלויז אַריינגעטראָגן אַ דיסהאַרמאָניע אין דער נאַטור, אויך ער אַליין באַגעגנט זיך אויף שריט און טריט מיט אַ סתירה צווישן זיינע שטרעבונגען און אינטערעסן און די איינפלוסן פון דער אַרומיקער וועלט. טראַגישע קאַליזיעס זענען אין לעבן פון בעל־חי כמעט ווי אוממעגלעך; קיין מענטשלעך לעבן קאָן מען זיך אָבער נישט פאָרשטעלן אָן טראַגעדיעס, אָן אַ טראַגישן עלעמענט. און וואָס אַנטוויקלטער, וואָס פולקומער ס'איז דער

מענטש, אַלץ מער איז פֿאַראַן גרונטן און מעגלעכקייטן פֿאַר טראַגישע צוזאַמענשטויסן.

דער מקור פֿון יעטוועדער טראַגעדיע ליגט אין אַ צוזאַמענשטויס צווישן די שטרעבונגען, תאוות און אינטערעסן פֿון געגעבענעם יחיד און די באַדינגונגען (מיר נעמען דאָס וואָרט אין ברייטעסטן זין), אין וועלכע עס קומט אים אויס צו לעבן. די באַדינגונגען, וואָס רינגלען־אַרום דעם מענטש, זענען אויסערסט פֿאַרשידנאַרטיק, בכן קאָנען זיין זייער פֿאַרשידן די טראַגישע קאָליזיעס. אויסערגעוויינלעך פֿאַרשידן זענען אָבער אויך די מענטשלעכע באַזונדערקייטן און כאַראַקטערן, און אַזוי־אַרום איז אומענדלעך גרויס די צאָל טראַגישע מעגלעכקייטן פֿאַרן מענטש.

ס׳איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז ווייט נישט אַלע טראַגעדיעס אין מענטשלעכן לעבן האָבן אַ גלייכע באַדייטונג. דאָס, וואָס אינטערעסירט מערער פֿון אַלץ די וואָרט-קינסטלער, דהיינו: די סוביעקטיווע טראַגעדיעס, די טראַגעדיעס פֿון כאַראַקטערן, איז גראָד פֿון אַן אַלגעמיינערן שטאַנדפּונקט גאָר נישט אַזוי וויכטיק. די טראַגעדיע פֿון געגעבענעם מענטש נעמט זיך דאָ פֿון זיין כאַראַקטער גופא, וועלכער וועט זיך אפשר קיינמאָל מער נישט איבערחזרן ביי קיין שום אַנדערן מענטש. די טראַגעדיע פֿון יחידים, וואָס איז אַזוי אינטערעסאַנט אויף דער טעאַטער-סצענע, וואָס איז אַזוי וויכטיק פֿאַר באַזונדערע אינדיווידוומען, האָט פֿונדעסטוועגן פֿאַרן גאַנצן לעבן אַ נישטיקע באַדייטונג. עס שטאַרבט דער העלד פֿון דער טראַגעדיע, אָדער עס ענדערט זיך און ס׳ברעכט זיך זיין כאַראַקטער, און ס׳פֿאַרשווינדט אויך די טראַגעדיע פֿון זיין „איך".

ערנסטער זענען שוין די סאָציאַלע טראַגעדיעס, ווייל זיי האָבן אַ שייכות נישט צו באַזונדערע יחידים, נאָר צו גאַנצע סאָציאַלע גרופּן. דאָ האָבן מיר שוין צו טון נישט מיט קיין ליידנדיקע יחידים, נאָר מיט ליידנדיקע מאַסן (צ. ב., די טראַגעדיע פֿון שקלאַפֿן, דער טראַגיזם פֿון זעלנער, וואָס ווערן געשיקט אויף אַ זיכערן טויט, א. אַ. וו.). דערדאָזיקער מין טראַגעדיעס איז אָבער אַ צייטווייליקער, אויף וויפֿל עס זענען צייטווייליק

געוויסע געזעלשאַפטלעכע און מלוכישע פאָרמען. ענדערונגען אין דער געזעץ-געבונג, סאָציאַלער וווקס פון דער געזעלשאַפט, ווי אויך רעוואָלוציעס באַזייטיקן טראַגעדיעס פון דעם מין. דאָס איז, אַזוי-צו-זאָגן, נישט קיין „שרעקלעכער״ טראַגיזם, ווייל מען קאָן אים בייקומען, און ס'איז פאַראַן אַ האָפענונג ראַדיקאַל צו פאַרניכטן דעם קוואַל גופא פון דער טראַגעדיע, אויב מען זאָל בלויז ענדערן די סאָציאַלע פאָרמען.

שרעקלעכער פאַר אַלע אַנדערע מינים טראַגעדיעס זענען יענע טראַגעדיעס, וואָס שטאַמען פון דער מענטשלעכער נאַטור גופא. זיי זענען נישט בערך האָפנונגסלאָזער, ווייל דערוויייל איז זיי אויסערגעוויינלעך שווער בייצוקומען. אויב ביי אַ מענטש זענען פאַראַן איינגעבוירענע אַנאָמאַליען אין דער אַנטוויקלונג, אַן איינגעבוירענע אומפעיקייט אָדער שוואַכקייט פון געוויסע אָרגאַנען, אַ געירשנטע נייגונג צו אַ געוויסער קראַנקהייט א. אַ. וו., קאָן מען, יעדנפאַלס ביים היינטיקן צושטאַנד פון דער וויסנשאַפט, לחלוטין נישט ענדערן די טראַגישע לאַגע, וואָס אַנטשטייט צוליב דעם. דאָס איז די „שרעקלעכסטע״ פון אַלע טראַגעדיעס, און וואָס אַ גרעסערע צאָל מענטשן זי באַרירט, אַלץ מער פאַרדינט אַזאַ דערשיינונג אויפמערקזאַם געפאָרשט צו ווערן. אמת, אַז אויך דאָ קאָן מען אַ דאַנק די דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט עפעס-וואָס אויפטון, אָבער טאַקע נישט מער ווי „עפעס-וואָס״, ווייל עס זענען פאַראַן אַזעלכע טראַגעדיעס פון דער נאַטור, אַז עס לאָזט זיך דערוויייל אַפילו נישט פאָרשטעלן דער מעגלעכער נצחון פון דער וויסנשאַפט איבער זיי.

עס פעלט מיר אַן אַנדער וואָרט און בכן באַצייכן איך טאַקע דורך „ביאָלאָגישע טראַגעדיע״ אַזאַ קאָליזיע, ווען דעם מענטשנס שטרעבונגען שטויסן זיך אָן אויף אַן אומ-באַקעמפבאַרער שטערונג אין זיין אייגענער נאַטור, ווען דער טראַגיזם שטאַמט פון יענע געזעצן, וואָס הערשן אין דער לעבעדיקער נאַטור און וואָס זייער מאַכט ענדיקט זיך צוזאַמען מיטן לעבן גופא.

ווען איך צי די אויפמערקזאַמקייט פון לעזער צו דער

ביאָלאָגישער טראַגעדיע פון דער פרוי בין איך גאָר נישט אויס צו זאָגן עפּעס נייעס. איך וויל בלויז אונטערשטרייכן און דער־מאָנען אַן אַלגעמיין־באַקאַנטן ענין, צו וועלכן מיר באַציען זיך גלייכגילטיק, הגם ער פאַרדינט אינדעראמתן אַ סך אַן אויפ־מערקזאַמערע באַציִונג. איך נעם דאָ באַוווסטזיניק בלויז יענע זייט פון דער פראַגע, וועלכע איז מיר, ווי אַ ביאָלאָג, נענטער פאַר אַלע אַנדערע זייטן און רוק זי אַרויס אויפן פאָדערפלאַן. דעם עקאָנאָמישן און בכלל סאָציאַלן טייל פון דער פראַגע האָב איך אומישנע געלאָזן אין שאָטן, ווייל וועגן דעם האָט מען לעצטנס אַ סך געשריבן. מיר דוכט, אַז גראָד איצט איז די צייט צו שרייבן וועגן דעם, וואָס איך רוף־אָן „ביאָלאָגישע טראַגעדיע" פון דער פרוי. די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג און די בורזשואַזע געזעלשאַפט האָבן זיך נישט אינטערעסירט מיט אַזעלכע „נארישקייטן" און האָבן געזען אין דער פרוי בלויז אַ װערקצייג פון געניוס אָדער אַן אָביעקט פאַר עקספּלואַטאַציע. איצט אַנטשטייט אַ נייער לעבנסשטייגער, און עס מערקט זיך אָן אַן אַנדער באַציִונג צו דער פרוי, ווי צו אַ חבר, אַ פולבאַרעכטיקטן מיטגליד פון דער פראָלעטאַרישער מלוכה. דער אינהאַלט פון מיין ביכל קאָן דינען ווי אַ רויער ביאָלאָגישער מאַטעריאַל. צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פאַקטאָרן, וואָס זענען נויטיק, כדי אויסצואַרבעטן אַ באַוווסטזיניקע שטעלונג צו די דערשיינונגען פון געשלעכטלעכן לעבן, מוז אָט דער ביאָלאָגישער מאַטעריאַל געלייגט ווערן ביסוד פון אַ נייער געשלעכטלעכער עטיק.

# I

**געשלעכטלעכע ליבע בײ בעלי-חיים און בײ מענטשן. — געשלעכטלעכקײט אַלס פאַקטאָר פון עוואָלוציע. — וואָס האָט אַרויסגערוקט דעם מענטש אויבן-אָן אין דער רײ פון אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן? — שטאַרקע אַנטוויקלונג פון די מענטשלעכע געשלעכטלעכע דריזן אין פאַרגלײך מיט מאַלפּעס. — אינקרעציע פון די געשלעכטלעכע אָרגאַנען. — אויסערן געשלעכט איז נישטאָ דער מענטש. — די געשלעכטלעכע טראַגעדיע פון Homo Sapiens.**

דער בעל-חי ווײסט נישט פון קײן שום „געשלעכטלעכער פראַגע". די פּערזענלעכע, אינדיווידועלע אינטערעסן זענען בײ אים אַזוי האַרמאָניש צונויפגעגאָסן מיט די אינטערעסן פון מין, אַז דאָ קאָן נישט זײן קײן רײד וועגן וואָסער-נישט-איז „גע-שלעכטלעכן טראַגיזם" אין אײגנטלעכן זין פון וואָרט.

אַ שוואַנגערע זי, וואָס איז צוליב אירע האַמעטנע און שווערע באַוועגונגען אַרײנגעפאַלן צו אַ שטאַרקערן פײנט, אַן ער, וואָס איז פאַרבלענדט דורך דער געשלעכטלעכער תאווה און פאַלט צוליב דעם אַלס קרבן פון יעגער, א. אַז. וו., זענען, פאַרשטײט זיך, אויך בײשפּילן פון אַ פּרימיטיוער „געשלעכטס-טראַגעדיע", דאָס קאָן מען אָבער לחלוטין נישט פאַרגלײכן דערמיט, וואָס קומט-פאָר בײם מענטש. דער בעל-חי פילט נישט און באַנעמט נישט, אַז ער גײט-אונטער צוליב די צוועקן און אינטערעסן פון

דער נאַטור. די אינטערעסן פון מין אָדער אַרט גיסן זיך פלומרשט צונויף מיט זיינע אייגענע אינטערעסן.

גאָר אַנדערש איז מיטן מענטש. מחמת זיין אַנטוויקלטער אינדיווידועלקייט, מחמת זיין פיבערהאַפט אַרבעטנדיקן, אומגעהייער גרויסן מאַרך, פאַרשטייט ער אויסגעצייכנט, אַז זיינע אינטערעסן, די אינטערעסן פון אַ ביאָלאָגישן יחיד, פאַרלאַנגען לחלוטין נישט, דאָס לעבן זאָל דויערן אויך נאָך זיין טויט. און נאָך מערער, אים, ווי אַן אָרגאַניזם, ווי אַ טיילכעלע פון דער נאַטור אינטערע־סירט אינגאַנצן נישט, צי ווערט וואָסער־נישט־איז מענטש לעבן נאָך אים אָדער נישט.

דורך אַ קאָמפּליצירטער מאַרך־טעטיקייט קאָן ער זיך איבער־צייגן אין ווערט פון לעבן בכלל און אין דער כסדרדיקייט פון לעבן אין דער נאַטור, דאָס וועט אָבער זיין אַ צווייטראַנגיקע זאַך. דעם מענטש, ווי אַ ב י אָ ל אָ ג י ש ן יחיד רירן אינגאַנצן נישט אָן די אינטערעסן פון דער לעבעדיקער נאַטור אין איר גאַנצקייט.

דער מענטש איז זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט קיין פשוטער אָרגאַניזם, נאָר, ווי מיר וועלן שפּעטער אויספירלעך רעדן, איז ער אַ געזעלשאַפטלעכער בעל־חי. אָבער אַלע סאָציאַלע ווערטן, וועלכע עס שאַפט דער מענטש ווי אַ געזעלשאַפטלעכער בעל־חי, זענען נישט מער ווי אַ „געביידע" אויפן ביאָלאָגישן פונדאַמענט, וואָס בילדעט דעם יסוד פון דער מענטשלעכער אויפפירונג און איז אַ פאָרבאַדינגונג פון דער געזעלשאַפטלעכקייט. ביאָלאָגיש איז דער מענטש העכסט אינדיווידועל, און קיין שום געזעלשאַפט־לעכקייט איז נישט בכּוח צו באַקעמפן אָדער צו ענדערן דידאָזיקע ביאָלאָגישע אומטיילבאַרקייט און אָפּגעזונדערטקייט פון מענטש. אין דער באַציִונג איז פולשטענדיק גערעכט יענער פּאָעט, וואָס האַלט, אַז „די וועלט ווערט געבוירן און שטאַרבט מיט יעדן איינצלנעם מענטש".

בעת אַ מענטש שטאַרבט, שטאַרבט ער אַליין, און די געזעלשאַפטלעכע רינגען, וועלכע ער האָט באַוויזן צו פאַרקניפּלען ביים לעבן, קאָנען גאָרנישט ענדערן אין דערדאָזיקער נאַטור־

פֿערשיינונג. פּונקט אַזוי וואָלט געווען אומגעלומפּערט צו זאָגן, אַז מיטן מענטש קירעווען וועלכע-נישט-איז סאָציאַלע געבאָטן אָדער די אינטערעסן פֿון מענטשלעכן קאָלעקטיוו, בעת ער ברענגט אויף דער וועלט ענלעכע צו זיך באַשעפֿענישן.

דער מענטשלעכער מין וואָלט שוין פֿון לאַנג פֿאַרשוווּנדן, אויב די פֿאַרמערונג וואָלט זיך געשטיצט בלויז אויף פֿילאָזאָפֿישע אויספֿירן וועגן ווערט פֿון לעבן און אויף „סאָציאַלע געבאָטן", און אויב ביסוד פֿון אַלעם דעם וואָלט נישט געלעגן קיין „המצאה", דורך וועלכער די נאַטור „נאַרט-אַריין" דעם מענטש. בלויז די צו־ציִונגס-קראַפֿט פֿון יענעם „מאַגנעט", וועלכן עס שטעלט מיט זיך אייגנטלעך פֿאָר די געשלעכטלעכע ליבע מיט אירע פֿיזיאָלאָגישע גענוסן און פֿריידן, צווינגט דעם מענטש צו דינען די פֿרעמדע פֿאַר אים אינטערעסן פֿון מין. דער מענטש, וועלכן די נאַטור האָט „געכאַפּט אויף איר ווענטקע", טוט ביי זיין גאַנצן הויכן באַוווסטזיין אַ זאַך, וואָס איז אים סוף-כּל-סוף פֿרעמד. אין די קאָנוווּלסיעס פֿון ליבע רופֿט ער אַרויס אַ נייעם דור, וואָס וועט אים פֿאַרבייטן און וועט אין זיין צייט ווידעראַמאָל דורכמאַכן דיזעלביקע זאַך. דאָס דינען דעם מין נעמט דאָ צייטווייליק אָן די פֿאָרם פֿון אַן עגאָאיִסטישן ציל און ווערט כּלומרשט די וויכ־טיקסטע זאַך אין לעבן.

שאָפּענהויער איז פֿולקום גערעכט, בעת ער זאָגט, אַז „די געשלעכטלעכע ליבע איז נאָך דער ליבע צום לעבן, די מעכטיקסטע און טעטיקסטע שפּרינג-פֿעדער פֿון לעבן". „אומ־אויפֿהערלעך — שרייבט שאָפּענהויער — נעמט זי צו אַ העלפֿט פֿון די כּוחות און געדאַנקען ביי דער יונגער מענטשהייט. זי שטעלט-פֿאָר דעם ענדציל פֿון כּמעט אַלע מענטשלעכע שטרעבונגען, זי ווירקט שעדלעך אויף די וויכטיקסטע ענינים און געשעענישן, זי רייסט-איבער כּסדר די סאַמע ערנסטע אַרבעטן, אָפּט פֿאַר־טונקלט זי אויף אַ קורצער צייט די גרעסטע מענטשלעכע קעפּ, זי שעמט זיך נישט ווי אַן אומגעבעטענער גאַסט אַריינצודרינגען מיט איר אַלטוואַרג אין די באַראַטונגען פֿון מלוכה-מענער און אין די פֿאָרשונגען פֿון געלערנטע, פֿלינק רייסט זי זיך

טרײַן מיט אירע ליבע-בריוועלעך און פרויען-לאָקן אַפילו אין מיניסטערשע פּאָרטפעלן און אין פילאָזאָפישע מאַנוסקריפּטן, טאָג-איין טאָג-אויס טרײַבט זי צו די סאַמע ריזיקאַלישע און מיאוסע מעשים, צעשטערט די סאַמע טײַערע און נאָענטע באַציִונגען, צערײַסט די שטאַרקסטע קייטן, פאָדערט פאַר זיך ווי אַ קרבן לעבן און געזונטהייט, עשירות, געזעלשאַפטלעכע לאַגע און גליק, נעמט-צו דאָס געוויסן ביים ערלעכן, פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרעטער דעם טרײַען, און ווירקט בכלל ווי עפּעס אַ שד, וואָס באַמיט זיך אַלץ צו פאַרפּלאָנטערן, איבערצוקערן און אומצוּוואַרפן״...

דער טראַגיזם פון מענטש באַשטייט טאַקע דערין, וואָס ער איז נישט בכּוח אַקעגנצושטעלן זיך דעם נסיון און וואָס באַנעמט גלייכצייטיק, אַז אייגנטלעך איז ער בלויז אַן אָפּגענאַרטער קרבן פון מין. אַקעגן דעם שטאַרבט יעדער בעל-חי מיט דער אילוזיע, אַז ער באַמיט זיך און ברענגט קרבנות אויסשליסלעך פאַר זײַן אייגן פאַרגניגן.

בעלי-חיים פאַרמאָגן נישט אַזאַ הויכן באַוווּסטזײַן ווי מענטשן, און דערפאַר איז אַזוי לײַכט זיי צו כאַפּן אויף דער „וועדקע״ לשם אינטערעסן פון מין. די געשלעכטלעכע ליבע פון בעלי-חיים איז טאַקע אַזוי אײַנפאַך און סכעמאַטיש אין איר נאַקעטן ביאָלאָגישן אינהאַלט. דער מענטש, להיפך, איז אַ צו „קלוגער פיש״, מען זאָל אים קאָנען כאַפּן אויף וועלכע-נישט-איז נאַרישקייטן. איבער דעם אַנטשטייט אַ גאַנצער קאָמפּלעקס פיזיאָלאָגישע אילוזיעס, וועלכע פאַרשלייערן דעם מענטשנס דינען צו די אינטערעסן פון מין. די געשלעכטלעכע פונקציע וואַקסט-אַרײַן מיט אירע וואָרצלען אין גאַנצן וועזן פון מענטש, און וואָס טיפער די וויסנשאַפט דרינגט-אַרײַן אין פּראָבלעם פון געשלעכט, אַלץ מער און מער איבערצייגט זי זיך אין דער אומגעהייער גרויסער באַדייטונג פון דער געשלעכטלעכער פונקציע פאַר אַלע בכלל פּראָצעסן אין קערפּער.

ביים היינטיקן שטאַנד פון אונזער וויסן וועט נישט זײַן קיין פּאַראַדאָקס, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט, די געשלעכטלעכקייט אין

בּרייטן זין פון וואָרט איז געווען איינער פון יענע פאַקטאָרן, וואָס האָבן אַרויסגערוקט דעם מענטש אויבן-אָן אין דער ריי פון אַנדערע לעבּעדיקע באַשעפענישן.

ס'איז שוין לאַנג פאַרביי די צייט, ווען מען האָט געדאַרפט דערווייזן און פאַרטיידיקן דעם געדאַנק, אַז דער מענטש איז לויט זיין נאַטור אַ בעל-חי. דאָס איז אַן אַלגעמיין-באַוווּסטער פאַקט, אין וועלכן קיינער צווייפלט שוין נישט, און וועלכער ווערט אויף כלערליי אופנים איבערגעקייעט אין דער פּאָפּולערער ליטעראַטור. אַ סך אינטערעסאַנטער איז נישט דאָס, אַז דער מענטש איז ענלעך צו אַ שימפּאַנזע אָדער גאָרילע, נאָר דאָס, אַז ער אונטערשיידט זיך פונדעסטוועגן פון די מענטש-ענלעכע מאַלפּעס און אַנדערע בעלי-חיים, אַז אין אים איז פאַראַן עפּעס „ריין מענטשלעכעס".

דער מענטש איז גאָר אַ באַזונדערער בעל-חי. ווייניק וואָס ער פאַרשטייט אויסצונוצן טיילן פון זיין קערפּער אין קאַמף און פאַר דער פאַרטיידיקונג, ער האָט זיך אַחוץ דעם אויסגעלערנט צוצוגרייטן מערקווירדיקע פּראָדוציר-געצייג, וואָס עס פאַרמאָגט נישט צו טון קיין איין אַנדער לעבּעדיק באַשעפעניש.

דידאָזיקע פּראָדוציר-געצייג האַלטן אין איין פאַרפולקומנען זיך, און פאַר זייער פּראָגרעס זעט זיך נישט פאָרויס קיין סוף. אַ דאַנק זיי האָט דער מענטש אומבאַגרענעצט פאַרברייטערט זיין מאַכט איבער דער גוועלט און פון אַ זאָאָלאָגיש באַשעפעניש איז ער געוואָרן גלייכצייטיק אויך אַ סאָציאָלאָגיש באַשעפעניש. ער האָט פאַרשקלאַפט צו זיך צייט און רוים, און האָט זיך אויס-געלערנט צו פאַרוואַנדלען אויף פאַרשידנסטע אופנים די מאַטעריע און ענערגיע, וואָס געפינען זיך אויסער זיין קערפּער. דאָס אַלץ האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט אַריינצוטרעטן אין די קאָמפּלי-צירטעסטע געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען מיט ענלעכע צו זיך מענטשן, באַציִונגען, וואָס זענען בלויז פון אויבן-אויף ענלעך צו די באַציִונגען צווישן געזעלשאַפטלעכע בעלי-חיים.

דער מענטש איז דערפאַר אַ גאַנץ באַזונדערע „לעבּעדיקע מאַשין"; ער האָט דערוואָרבן אַזעלכע ביאָלאָגישע באַזונדערקייטן,

וועלכע זענען נישט געווען בנמצא ביי זיינע בעלי־חיישע אבות און וועלכע זענען נישטאָ ביי זיינע פירפיסיקע און לאַנג־הענטיקע ברידער און שוועסטער.

כּדי דער מענטש זאָל קאָנען באַשאַפן געצייג פאַר דער פּראָדוקציע און אָנהייבן אַ קאַמף מיט אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן און מיט דער טויטער נאַטור אין אַ מאָסשטאַב, וואָס איז ביז זיין אויפקומען נישט געווען צו זען, האָט ער געמוזט באַזיצן געוויסע ספּעציפישע ביאָלאָגישע אייגנשאַפטן. אָן דידאָזיקע אייגנשאַפטן קאָן נישט געמאָלט זיין נישט קיין מענטש, נישט קיין געזעלשאַפטלעכקייט, און דידאָזיקע אייגנשאַפטן זענען טאַקע אין דער נאַטור פון מענטש דער עיקר, דאָס באמת מענטשלעכע, דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע אינם לעבעדיקן מעכאַניזם פון זיין קערפּער.

וועלכע אייגנשאַפטן זענען עס?

קודם־כּל דער ווערטיקאַלער גאַנג. די גאַנצע „לעבעדיקע מאַשין" פון מענטשלעכן קערפּער איז אַוועקגעשטעלט אונטער אַ ווינקל פון 90 גראַד לגבי דער געוויינלעכער לאַגע פון זיינע פירפיסיקע ברידער. אמת, אויך ביי פויגלען און ביי אייניקע יאַשטשערקעס, וואָס לויפן אויף די הינטערשטע פיס, ווי אויך ביי קענגורוס איז דער קערפּער גענויגט אונטער אַ געוויסן ווינקל צו דער האָריזאָנטאַלער ליניע. בלי שום ספק גייען אייניקע מאַלפּעס אויף די הינטערשטע פיס און העלפן זיך בלויז אויס מיט די פאָדערשטע ענד־גלידער ביים באַוועגן זיך. אָבער קיין איין לעבעדיק באַשעפעניש פאַרמאָגט פונדעסטוועגן נישט אַזאַ באמת „ווערטיקאַלע קערפּער־שטעלונג" ווי דער מענטש, ביי וועמען די לענג־אַקס פון קערפּער איז כּמעט פּערפּענדיקולער צו דער ערד.

פון אויבן־אויף איז די מעגלעכקייט אויסצוגלייכן דעם קערפּער כּלומרשט גאָר נישט אַזאַ גרויסע דערגרייכונג. אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז עס געווען אַ קאָלאָסאַלער שריט פאָרויס, ווייל ערשט דאָס האָט געגעבן דעם מענטש אַ מעגלעכקייט צוצוגרייטן פּראָדוציר־געצייג און ווערן אַ געזעלשאַפלעכער בעל־חי. אויך מאַלפּעס וואַרפן אָפט אין זייערע פיינט צווייגן, פרוכט

און שטיינער און צעקלאַפּן די האַרטע שאָלעכץ פון ניס מיט דער הילף פון שטיקלעך שטיינער. קיין איין מאַלפּע האָט אָבער אין די נאַטור-באַדינגונגען קיינמאָל נישט געקאָנט טאָקן און שלייפן שטיינער אָדער צוגרייטן כאָטשבי די סאַמע איינפאַכע מכשירים. דערצו האָט מען שוין זייער אַ סך געדאַרפט האָבן, און קודם-כל האָט מען געדאַרפט באַפרייען די פאָדערשטע ענד-גלידער פון וואָסער-נישט-איז באַטייליקונג אין דעם באַוועגונגס-פּראָצעס.

דער ווערטיקאַלער גאַנג האָט מעגלעך געמאַכט דעם ווייטערדיקן וווּקס און אַנטוויקלונג פון מאַרך. אַ פּירפּיסיקער בעל-חי קאָן נישט האָבן קיין שווערן קאָפּ, ווייל דאָס וואָלט צו פיל באַשווערט דעם האַלז-טייל פון חוט-השדרה און וואָלט אוממעגלעך געמאַכט די פאָרויס-באַוועגונג. צוליבן שווערן קאָפּ וואָלט דער בעל-חי געוואָרן פונקט אַזוי הילפלאָז, ווי ס'איז הילפלאָז אַ בעל-חי, וואָס שלעפּט אַ לאָדונג, אויב די לאָדונג איז צוגעבונדן צו נאָענט צום קאָפּ. ביי אַזעלכע באַדינגונגען קאָנען די „שפּרינג-פעדערן" פון די הינטערשטע פיס זיך נישט „אָנציען" ווי ס'באַדאַרף צו זיין און אַרויסשטויסן ביי יעדער אויסגלייכונג פון הינטערשטן פוס דעם שווערפּונקט פון קערפּער פאָרויס. די אַנטוויקלונג פון קאָפּ איז ביי פּירפּיסיקע בעלי-חיים באַגרענעצט דורך ריין מעכאַנישע פאַרהעלטענישן: זיי פאָדערן, אַז דער חוט-השדרה זאָל ביים גיין זיך פריי שאָקלען, ווי אַ נישט-גלייכאַקסלדיקער הייבער, אַרום זיין שטיצפּונקט — די בעקן-און היפּט-ביינער און אַז זיין פאָדערשטער טייל זאָל נישט זיין צו שטאַרק באַלאָדן.

די ווערטיקאַלע שטעלונג פון קערפּער האָט מעגלעך געמאַכט מערער צו „באַלאָדן" דעם קאָפּ אַזוי, אַז דאָס זאָל זיך נישט אָפּרופן אויף דער באַוועגלעכקייט פון דער גאַנצער לעבעדיקער מאַשין. די לאָדונג פון האַלז-טייל, וועלכער געפינט זיך איצטער פון אויבן, שטערט נישט זיך צו באַוועגן ביים ווערטיקאַלן גאַנג. גלייכצייטיק זענען די פאָדערשטע ענד-גלידער פולקום באַפרייט געוואָרן פון אָנטייל אין דער פאָרויס-באַוועגונג, און צוליב דעם איז מעגלעך געוואָרן אין אַנטוויקלונגס-פּראָצעס זאָל אַנטשטיין אַזאַ מערק-ווירדיקער אָרגאַן ווי די מענטשלעכע האַנט מיט די פינגער. די

האַנט האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ געצייג אויף אָנצוכאַפּן קעגנ-שטאַנדן. די אור-עלטערן פֿון מענטש פֿלעגן מיט איר אָנכאַפּן שפּייז, נעמען שטעקנס, שטיינער און אַנדערע קעגנשטאַנדן, כּדי זיך צו פֿאַרטיידיקן און אָנצופֿאַלן. פֿון דאַנען איז שוין פֿאַר-העלטנישמעסיק נאָענט צו דער באַאַרבעטונג פֿון פֿאַרשידענע מאַטעריאַלן. ס'איז לייכט זיך פֿאָרצושטעלן אַלע איבערגענג פֿון איינפֿאַך אָנכאַפּן אַ קעגנשטאַנד, למשל אַ שטיין פֿאַר דער פֿאַר-טיידיקונג, ביזן טאָקן און שלייפֿן אים און פֿאַרוואַנדלען אים אין דער ערשטער שטיינערנער האַק אָדער דלאָט, און די ווייטערדיקע איבערגענג צו דער צוגרייטונג פֿון קאָמפּליצירטערע געצייג, וועלכע האָבן פֿאַרווירקלעכט דעם נצחון פֿון מענטש איבער דער נאַטור. וואָס קאָמפּליצירטער ס'איז געוואָרן די פֿיזיאָלאָגישע אויפֿגאַבע, וועלכע ס'פֿלעגט אויספֿירן די מענטשלעכע האַנט, אַלץ קאָמפּליצירטער און קאָמפּליצירטער איז געוואָרן אויך די אַנטוויקלונג פֿון מאַרך. די פֿלינקע און רירעוודיקע מוסקלען, וועלכע באַוועגן די פֿינגער אויף די הענט און פֿיס און נעמען אַן אָנטייל אין „ווערטיקאַלן" גאַנג, האָבן גורם געווען, עס זאָלן זיך אַנטוויקלען אין קאָמפּליצירטער ווערן יענע מאַרך-טיילן, וואָס שיקן-אַרויס סיגנאַלן פֿאַר דער אַרבעט פֿון דידאָזיקע מוסקלען.

צוליב דער פֿאַרענדערטער לאַגע פֿון קערפּער האָט זין געביטן די לאַגע פֿון די אויגן. זיי האָבן איצט באַקומען אַ ברייטער זע-פֿעלד אין פֿאַרשידענע ריכטונגען און האָבן געקאָנט אויפֿנעמען פֿון פֿאַרשידענע זייטן אויפֿרייצונגען — סיי וואָרענונגס-סיגנאַלן, סיי צוציִונגס-סיגנאַלן. דאָס האָט ווידעראַמאָל בייגעווירקט צו דער פֿאַרגרעסערונג פֿון מאַרך, ווייל עס זענען נויטיק געוואָרן קאָמ-פּליצירטערע צענטרען כּדי איבערצואַרבעטן די אַלע אויפֿרייצונגען און אַריבערצושיקן זיי אין די אַנדערע טיילן פֿון מאַרך און פֿון קערפּער.

מיט דער אַנטוויקלונג פֿון די הענט און פֿון מאַרך זענען אַלץ קלענער און קלענער געוואָרן די פֿאָדערונגען צום פֿאָדערשטן טייל שאַרבן, ווו עס געפֿינען זיך די ציינער און ווו ס'שטיצן זיך די שטאַרקע קיי-מוסקלען. די ציינער האָבן אויפֿגעהערט באַנוצט

צו ווערן בײַ דער פּאַרטײדיקונג און בײַם אָנפאַלן און בהדרגה האָבן זײ באַקומען זײער איצטיקע אויפגאַבע – דאָס צעקײען די שפּײַז, װעלכע װערט אַפּריער צוגעגרײט און באַאַרבעט דורך די מענטשלעכע הענט. די גרויזאַמע און שטאַרקע צײנער, די מעכטיקע אַרויסשטאַרטשענדיקע קינבאַקן און די שטאַרקע קײ-מוסקלען האָבן בהדרגה אָנגעהויבן צו רעגרעסירן און אָפּצוטרעטן אויפן הינטערגרונט לגבי דעם פּאַרגרעסערטן פּאַרנעם פון מאַרך.

דער באַצײכנטער בעלי-חײשער פּיסק, װאָס איז אויסגעצויגן אויף פאָרויס, האָט זיך אין אַנטוויקלונגס-פּראָצעס פּונקט ווי אַרײנגעצויגן און אַוועק צוריק. דער הינטערשטער טײל שאַרבן איז, להיפּך, ברײטער געוואָרן און „אָנגעקוואָלן" צוזאַמען מיטן וווּקס פון מאַרך. אַזוי-אַרום איז בהדרגה אַנטשטאַנען דאָס מענטשלעכע פּנים, ווו דאָס הויפּטאָרט פּאַרנעמען די אויגן, מיט אַן אַרויס-סטאַרטשענדיקן שטערן און מיט שוואַכע, לגבי די בעלי-חײם, קינבאַקן.

מען דאַרף אָבער נישט מײנען, אַז דאָס אַבסאָלוטע און רעלאַטיווע געוויכט פון מענטשלעכן מאַרך שטעלט-פאָר עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע „רײן מענטשלעכע" דערשײנונג. אין אַבסאָ-לוטע צאָלן וועגט טאַקע דער מענטשלעכער מאַרך מערער ווי דער מאַרך פון אַנדערע בעלי-חײם, דאָס איז אָבער ריכטיק נישט בנוגע צו אַלע בעלי-חײם. אַזוי איז, למשל, בײַם עלפאַנט און בײַם וואַלפיש דאָס אַבסאָלוטע געוויכט פון מאַרך גרעסער ווי בײַם מענטש. אָבער אַפילו דאָס רעלאַטיווע געוויכט פון מאַרך איז בײַם מענטש גרעסער ווי בײַ אַנדערע בעלי-חײם בלויז אין דעם פאַל, ווען מיר פאַרגלײכן דעם מענטש מיט גרויסע מאַלפּעס. בײַם מענטש פאַרהאַלט זיך דאָס געוויכט פון מאַרך צום געוויכט פון גאַנצן קערפּער ווי 1 צו 46, אין דער צײַט ווען בײַם אָראַנג-אוטאַן איז דאָס-זעלביקע פאַרהעלטעניש – 1 צו 183, בײַם שימפּאַנזע – 1 צו 61, בײַם פּאַוויאַן – 1 צו 74, בײַם גיבאָן – 1 צו 73. אויב מיר וועלן אָבער נעמען קלענערע מאַלפּעס, וועלן מיר, למשל בײַ די אויסטיטי-מאַלפּעס, געפינען אַ פאַרהעלטעניש צווישן מאַרך-געוויכט און קערפּער-געוויכט – 1 צו 17, בײַ די סאַפּאַזשו-מאַלפּעס

(Cebus) — 1 צו 18.5 און לסוף ביי די שפּין-ענלעכע מאַלפּעס (Ateles ater) — 1 צו 15.

עס וואָלט אָבער געווען פאַלש דער אויספיר, אַז ביים „אַטעלעס" איז דער מאַרך פולקומער ווי ביים מענטש; ביים „אַטעלעס" האָבן זיך אַנטוויקלט די נידעריקערע צענטרען — זיי זאַמלען צונויף אויפרייצונגען פון דער קערפּער-אויבערפלאַך, וועלכע האָט זיך ביי קלענערע בעלי-חיים אַנטוויקלט אומגעהייער גרויס אין פאַרגלייך מיטן פאַרנעם פון קערפּער; ביים מענטש האָבן זיך, להיפּך, אַנטוויקלט די העכערע צענטרען, וועלכע זענען אומבאַדינגט נויטיק פאַר די העכערע גייסטיקע פונקציעס, און אויף זיי האָט גראָד קיין שום איינפלוס נישט דער פאַרנעם פון קערפּער.

אַזוי-אַרום זעען מיר, אַז דער „אָנקוועלונגס-פּראָצעס" פון מאַרך ביי אונזערע אור-עלטערן האָט זיך אויסגעדריקט נישט בלויז אין דער פאַרגרעסערונג פון די מאַרך-אויסמעסטונגען, נאָר הויפּטזאַכלעך אין דער אַנטוויקלונג און פאַרפולקומנונג פון באַשטימטע העכערע צענטרען, פון די אַזויגערופענע אַסאָציאַציע-צענטרען אין מאַרך. די אַנטשטייונג פון דידאָזיקע העכערע צענטרען, וואָס זענען אַזוי נויטיק פאַר אַ קאָמפּליצירטערער טעטיקייט פון מאַרך, איז טאַקע געווען איינע פון יענע פילאָגענעטישע *) דערגרייכונגען, וואָס האָבן דערלויבט דעם ביזאיצטיקן בעל-חי זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ גזעלשאַפטלעך באַשעפעניש.

עס וואָלט געווען פאַלש צו מיינען, אַז אין דער באַשאַפונג פון מענטשלעכן טיפּ האָבן געשפּילט אַ וועזנטלעכע ראָלע בלויז אָט די באַשריבענע ענדערונגען.

אין דעמדאָזיקן פּראָצעס פון פאַרמענטשלעכן דעם געוועזענעם בעל-חי האָבן גענומען אַ גרעסערן אָדער אַ קלענערן אָנטייל אַלע טיילן פון קערפּער, ווייל די אַנטוויקלונג אָדער ענדערונג פון איין אָרגאַן רופט גלייך אַרויס ענדערונגען אויך אין גאַנצן אָרגאַניזם.

---

*) פילאָגענעטיש — אַזוינס, וואָס באַציט זיך צו דער אַנטוויקלונג פון מין.

אויב מיר וועלן אָנהייבן פאַנאַנדערצוקלייבן אַנדערע סיסטעמען פון אָרגאַנען און פאַרגלייכן זיי ביים מענטש און ביי נאָענטע צו אים לעבעדיקע באַשעפענישן, וועלן מיר אומעטום ביי אַ מער אויפמערקזאַמער אונטערזוכונג געפינען געוויסע אונטערשידן. מיר וועלן אָבער אין ערגעץ נישט געפינען אַזעלכע אַנאַטאָמישע סימנים, וועלכע מיר זאָלן קאָנען צוזאַמען מיט די פריער-באַשריבענע אָנרופן באמת מענטשלעכע שטריכן.

פונדעסטוועגן איז פאַראַן איין סיסטעם פון אָרגאַנען, וואָס האָט זיך ביים מענטש און קודם-כל ביי דער פרוי באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקלט און געוואָרן באַזונדערס קאָמפּליצירט. ווי אויסטערליש עס זאָל נישט זיין אין פלוג, איז עס דאָס געשלעכטלעכע סיסטעם. פרידענטאַל (1910), אַ פאָרשער, וואָס האָט גראָד זייער אַ סך אויפגעטון כדי צו דערווייזן די נאָענטקייט פון מענטשן צו מאַלפּעס (ער האָט דורך ספּעציעלע רעאַקציעס דערוויזן, אַז דער מענטש איז אויך לויטן כעמישן כאַראַקטער פון די בלוט-אייווייסן נאָענט צו זיינע לאַנג-העריקע ברידער), האָט געזוכט „ריין מענטשלעכע" סימנים און איז געקומען דווקא צו אָט דעם אויספיר.

ער שרייבט: „דער געשלעכטלעכער אַפּאַראַט פון דער פרוי שטייגט-אַריבער לויט זיינע אַבסאָלוטע און רעלאַטיווע אויסמעסטונגען דעם אַפּאַראַט פון אַלע אַנדערע מענטשן-ענלעכע מאַלפּעס. ביי קיין שום מין מאַלפּעס באַמערקן מיר נישט אַזאַ רייכטום אין די סעקונדערע געשלעכטלעכע סימנים ווי ביי דער פרוי: די שייד און די געבויר-מוטער זענען ביי דער פרוי גרעסערע און פולקומערע אָרגאַנען ווי ביי די זיען פון נאָרילעס און אָראַנג-אוטאַנען. פון אַלע העכערע בעלי-חיים איז בלויז ביי דער פרוי די שייד פאַרזען מיט אַ סיסטעם פון קווער-פאַלדן, וועלכע פאַרוואַנדלען די שייד אין אַן אויסערסט פולקומען אַפּאַראַט פאַר רייבונג בעתן געשלעכטלעכן אַקט".

דידאָזיקע געדאַנקען פון פרידענטאַלן פאַרדינען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט און נויטיקן זיך אין אַ דערקלערונג. אין טאָג-טעגלעכן לעבן זענען מיר געוווינט פונקט צו אַ פאַרקערטער

מיינונג, און געווינלעך ווערט אַקעגנגעשטעלט די תּאווה און די געשלעכטלעכע נישט-איינגעהאַלטנקייט פון מאַלפּעס *) צו דער הויכער געשלעכטלעכער מאָראַל פון מענטש. אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז גראָד די שטאַרקע אַנטוויקלונג און די דיפערענצירונג פון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט און פון זיינע תּאווה-אָרגאַנען איינער פון די בולטסטע און כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון מענטש. באַזונדערס בולט זעט זיך דאָס אויפן אָרגאַניזם פון דער פרוי, וועלכע האָט אין דער היגזיכט פילאָגענעטיש אַזוי ווי איבערגעיאָגט דעם מאַנסביל. מיר וועלן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין פּרטים, וועלכע זענען נישט וויכטיק פאַר אונזער הויפּט-טעמע; לאָמיר בלויז אָנווייזן, אַז למשל דער וויכטיקסטער טייל פון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט ביי דער פרוי — דער אייערשטאָק אָדער די ווייבלעכע געשלעכטלעכע דריז וועגט ביי דער פרוי איין פינפטוויזענטל פון גאַנצן קערפּער-געוויכט, און ביי דער קו — איין פופציקטויזענטל; בכן זענען ביי דער פרוי די אייערשטאָקן פאַרהעלטנישמעסיק שווערער ווי ביי די מעלה-גרהדיקע. דענטיטשי האָט אין יאָר 1922 גענוי אויסגעפאָרשט די געשלעכטלעכע אָרגאַנען פון בעגעמאָט און האָט איינגעפונען, אַז דער אייערשטאָק פון דעמדאָזיקן ריזיקן בעל-חי איז כמעט אַזוי גרויס ווי די געשלעכטלעכע דריז פון דער פרוי.

די הויכע דיפערענצירונג פון די מענטשלעכע באַהעפטונגס-אָרגאַנען און ספּעציעל תּאווה-אָרגאַנען קאָן מען דערקלערן אויך אַזוי: ביים מענטש איז בהדרגה זייער קאָמפּליצירט געוואָרן די גייסטיקע אַנטוויקלונג און באַזונדערס די פעיקייט צו דענקען. צוליב דעם זענען נויטיק-געוואָרן באַזונדערס פאַרפולקומטע „צוציִונגס"-אָרגאַנען, וועלכע זאָלן צווינגען דעם מענטש צו דינען די אינטערעסן פון מין. ביים מענטש זענען אָבער שטאַרק אַנטוויקלט

*) דער פאַקט גופא איז מסתמא אויך נישט ריכטיק. ק ע ל ע ר, וועלכער האָט זיך אַ סך פאַרנומען מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון מאַלפּעס און האָט זיי אונטערזוכט אין באַדינגונגען, נאָענטע צו די נאַטירלעכע באַדינגונגען, זאָגט קלאָר און דייטלעך, אַז די מענטשלעכע מאַלפּעס ווייזן גאָר נישט אַרויס קיין איבערמאָסיק שטאַרקע געשלעכטלעכקייט.

אויך יענע אָרגאַנען, וועלכע אַרבעטן-אויס די אייגנטלעכע געשלעכטלעכע פּראָדוקטן. דאָס קאָן פון אויבן-אויף אויסקומען אויסטערליש, אויב מען זאָל נעמען אין אַכט, אַז לויט דער פּרוכפּעריקייט שטייגט דער מענטש ווייט נישט אַריבער אַנדערע בעלי-חיים. דאָ דאַרף מען זוכן אַ דערקלערונג גאָר אין אַן אַנדערער ריכטונג. די געשלעכטלעכע אָרגאַנען און באַזונדערס די גע-שלעכטלעכע דריזן, ד. ה., דער אייערשטאָק ביי פרויען און די זוימען-דריז ביי מאַנסבילן, האָבן אַ טאָפּלטע אויפגאַבע. פון איין זייט ווערן אין זיי אויסגעאַרבעט די געשלעכטלעכטע פּראָדוקטן, ד. ה., איי-קעמערלעך ביי פרויען און ספּערמאַטאָזאָידן אָדער זרע-פעדימלעך ביי מאַנסבילן. פון דער אַנדערער זייט ווערן דורך דיזעלביקע אָרגאַנען אויסגעשיידט באַזונדערע כעמישע אויפ-רייצונגס-שטאָפן, — האָרמאָנען, וועלכע קומען כסדר אַריין אינם בלוט, ווערן פאַנאַנדערגעטראָגן איבערן גאַנצן קערפּער און ווירקן דאָרט שטאַרק אויף אַלע פּראָצעסן. שפּעטער וועלן מיר זיך נאָך אומקערן צו דער באַדייטונג פון דערדאָזיקער אינעווייניקסטער געשלעכטלעכער סעקרעציע; איצט לאָמיר בלויז באַמערקן, אַז די פאָרשונגען פון די לעצטע פופצן יאָר איבערצייגן אַלץ מער און מער די געלערנטע ווי קאָלאָסאַל עס איז די פיזיאָלאָגישע באַדייטונג פון דערדאָזיקער געשלעכטלעכער אינקרעציע *), וועלכע צעגיסט זיך ווי אַ כוואַליע כעמישע אויפרייצונגען פון די געשלעכטלעכע אָרגאַנען איבערן גאַנצן קערפּער. אָן אַ נאָרמאַלער אינעווייניקסטער סעקרעציע איז נישטאָ קיין געזונטהייט. אַלדאָס בעסטע, וואָס איז פאַראַן אין קערפּער און אין דער „נשמה" פונם מענטש, הענגט-אָפּ פון דידאָזיקע געשלעכטלעכע האָרמאָנען. זיי פאַרוואַנדלען עס דעם מענטש אין אַ מענטש.

די געשלעכטלעכע דריזן זענען כלל נישט דער איינציקער אָרגאַן, ווו עס ווערן אויסגעאַרבעט האָרמאָנען אָדער אינקרעטן. די שילד-דריז און די נעבן-שילד-דריז, די היפּאָפיזע אָדער די

---

*) אינקרעציע — פאַרקירצטע באַצייכענונג פאַר אינעווייניקסטער סעקרעציע. אינקרעט — פּראָדוקט פון אינעווייניקסטער סעקרעציע, דאָסזעלביקע וואָס האָרמאָן.

צוגאָב-דריז און די נעבן-נירן גיבן-אַריין אין בלוט זייער וויכטיקע אינעווייניקסטע „באַוועג-שטאָפן״, וועלכע פאַרזיכערן אַ האַרמאָניע צווישן די קערפּער-טיילן. אָבער אין דער ריי פון דידאָזיקע אָרגאַנען, וואָס צוזאַמען מיטן נערוון-סיסטעם קירעווען זיי מיט אַלע פּראָצעסן פון קערפּער, האָט די געשלעכטלעכע אינקרעציע אַ באַזונדערס גרויסע באַדייטונג. זי איז אויך פיזיאָלאָגיש פאַרבונדן מיט די אַלע וויכטיקע אָרגאַנען און מיטן נערוון-סיסטעם *).

די פאַרהעלטנישמעסיק שטאַרקע אַנטוויקלונג פון די געשלעכטלעכע דריזן ביים מענטש און דער עיקר ביי דער פּרוי שטייט טאַקע אין אַ צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס ביי זיי איז באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקלט דווקא דידאָזיקע צווייטע אינקרעטאָרישע טעטיקייט פון די געשלעכטלעכע אָרגאַנען. באָלק (1921) איז פולקום גערעכט, בעת ער רעדט וועגן דער ריזיקער באַדייטונג פון דריזן מיט אינעווייניקסטער סעקרעציע פאַר דער אַנטוויקלונג פון מענטש אויס זיינע מאַלפּע-ענלעכע אָבות. פון אַלע לעבעדיקע אָרגאַניזמען איז דער מענטש באמת שיער נישט רייכער פאַר אַלעמען אין האָרמאָנען, און ס׳איז מסתמא איבעריק צו דערווייזן, אַז אין קאַמף פאַר אַן אָרט אויף דער ערד זענען די האָרמאָנען אַ מערער מעכטיק געווער ווי שטאַרקע מוסקלען, נעגל, הערנער, ציינער און שטעכלעך. די כסדרדיקע אויפרייצונג דורך דידאָזיקע האָרמאָנען איז אויך געווען איינער פון די פאַקטאָרן, וואָס האָבן אויפגעהויבן דעם מענטש (Homo sapiens **) אויף אַ נישט-דערגרייכבאַרער הייך אין פאַרגלייך מיט בעלי-חיים. דער „האָמאָ סאַפּיענס״ האָט געזיגט אויף זיין וועג פון פילאָגענעטישער אַנטוויקלונג דווקא אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט אין דער גע-

*) אויספירלעכער זע: ד״ר. ב. וויזנער, „פאַריונגערונג״, פאַרלאַג „קולטור-ליגע״, 1929.

**) האָמאָ סאַפּיענס — טראַדיציאָנעלע וויסנשאַפטלעכע באַצייכענונג פון דעם מין מענטש אויף לאַטיין. באַדייט „שכלדיקער מענטש״, אין קעגנזאַץ צו די איבעריקע בעלי-חיים), וועלכע באַזיצן נישט קיין שכל.

העריקער צייט דערוואָרבן, חוץ אַנדערע אייגנשאַפטן, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט פריער, אויך גרויסע געשלעכטלעכע דריזן, און אַ דאַנק דעם, וואָס אין זיי האָט זיך אַנטוויקלט נישט די פּאַרמערונגס-אָפּטיילונג, נאָר די אינקרעטאָרישע. די קוואַליע מעכטיקע אויפרייצער, וואָס גייט כסדר אַרויס פון די בעקן-אָרגאַנען, האָט געהאַט אַ מעכטיקע ווירקונג אויפן מענטש, און אַ דאַנק דעם איז ער געוואָרן דאָס, וואָס ער איז, ד. ה., אַ באַשעפעניש, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט צוצוגרייטן געצייג פאַר דער פּראָדוקציע און אויסצוניצן זיי פאַר אַ ציל-באַוווסטער אַרבעט.

דאָס באַזונדערע, וואָס שיידט-אָפּ דעם „שכלדיקן" מענטש פון בעלי-חיים, איז פאַרבונדן אויך מיטן געשלעכט. בכן איז קלאָר, אַז דער מענטש קאָן נישט אַראָפּוואַרפן פון זיך די שליטה פון געשלעכט; אויסערן געשלעכט איז נישטאָ דער מענטש, די געשלעכטלעכע אינקרעציע און די פאַרמערונג, ד. ה., די פונקציעס פון דער אינקרעטאָרישער און פון דער פאַרמערונגס-אָפּטיילונג אין געשלעכטלעכן אַפּאַראַט, זענען אַזוי ענג פאַרבונדן צווישן זיך, אַז בעת די געשלעכטלעכע אָרגאַנען הערן-אויף צו זיין טעטיק אויף איין געביט, שטאַרבט-אָפּ אויך די טעטיקייט אויפן צווייטן געביט, און עס פאַרוועלקט גלייכצייטיק די טעטיקייט פון גאַנצן קערפּער. די געשלעכטלעכע טראַגעדיע פון „האָמאָ סאַפּיענס", אַ טראַגעדיע, וואָס לאָזט זיך דערווייל נישט באַזייטיקן דורך קיין שום קינסטלעכער אַריינמישונג, באַשטייט טאַקע דערין, וואָס צווישן די צוויי ביאָלאָגישע פאַקטאָרן, וועלכע מאַכן דעם מענטש פאַר אַ מענטש, — צווישן דער אַנטוויקלונג פון די העכערע צענטרען און דער פאַרקאָמפּליצירונג פון די געבויר-אָרגאַנען, — איז נישטאָ קיין האַרמאָניע, און ס'איז פאַראַן אַ שאַרפער ווידעראַנאַנד.

פון איין זייט האָבן זיך ביים „האָמאָ סאַפּיענס" אַנטוויקלט די העכערע מאַרך-צענטרען אין אַ מדרגה, וועלכע איז נישט בנמצא ביי קיין שום אַנדער לעבעדיק באַשעפעניש. אויך די אָרגאַנען מיט אינעווייניקסטער סעקרעציע זענען ביי אים מערער

אַנטוויקלט ווי ביי אַלע אַנדערע בעלי־חיים. מחמת דעם איז ביים „האָמאָ סאַפּיענס" אַזוי אויסגעוואָקסן דאָס באַוווּסטזיין, אַז ער טיילט זיך אָפּ און שטעלט זיך אַפילו אַקעגן דער גאַנצער לעבעדיקער נאַטור. צוליבן וווּקס פון די העכערע מאַרך־צענטרען און פון די אינקרעטאָרישע אַפּאַראַטן, וועלכע האָבן דעם מענטש פאַרשאַפן זיין זעלבסטבאַוווּסטזיין און זיין אינדיווידועלקייט, איז ביי אים גוואַלטיק אָנגעלייגט דווקא די דאָזיקע זייט פון זיין לעבן, וועלכע באַקומט עפּעס אַ מין אויטאָנאָמע באַפאַרבונג.

פון דער אַנדערער זייט זענען די אינקרעטאָרישע אַפּאַראַטן, פּונקט ווי אַ פאָדים מיט אַ נאָדל, פאַרבונדן מיט יענע סיסטעמען פון אָרגאַנען, וועלכע וואַרפן דעם מענטש אין די אָרימס פון אַנדערן מין און צווינגען אים צו דינען דער גאַנצער לעבעדיקער נאַטור. דאָסדאָזיקע צווייטע טעטיקייט־געביט פון מענטש קומט אים אויס פון זיין ענג־מענטשלעכן שטאַנדפּונקט צו זיין לחלוטין נישט פאַרבונדן מיט דער פריער באַשריבענער „אויטאָנאָמער" זייט פון זיין לעבן. האַרמאָניש פאַראייניקן דידאָזיקע צוויי „פיינטלעכע" עלעמענטן אין דער מענטשלעכער נאַטור איז זייער שווער. מען דאַרף משער זיין, אַז דער מענטשלעכער מין וועט נאָך לאַנג זיך ראַנגלען אין די טראַגישע סתירות צווישן דער מאַכט פון די העכערע מאַרך־צענטרען און דער מאַכט פון די געשלעכטלעכע אָרגאַנען. און ווער ווייסט, ס'קאָן זיין, אַז וואָס ווייטער דער מענטש וועט אַוועקגיין פון זיינע מאַלפּע־ענלעכע אָבות, אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער וועט זיך אַרויסווייזן דער־דאָזיקער „געשלעכטלעכער טראַגיזם".

---

## II

צי קאָן דער מענטש אראָפּוואַרפן פון זיך די שליטה פון געשלעכט? — קאַסטרירונג און אירע רעזולטאַטן. — ענגע פאַרבינדונג פון די געשלעכט־לעכע דריזן מיט דער פּילזײַטיקער לעבנס־טעטיקייט פון אָרגאַניזם. — הייבלעכע און מענלעכע האָר־מאָנען. — אײַנוכאָאידיזים. — דער „לעבנס־טאָנוס“ און די געשלעכטלעכע אָרגאַנען.

נישט יעדער איינער באַנעמט די ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון געשלעכט, ווייל דער מענטש ווערט געבוירן שוין צוגעגרייט צו איר, און צווייטנס זענען נישט אַלע, וואָס פילן די טראַגעדיע, פעיִק זיך אין איר פאַנאַנדערצוקלייבן.

געטריבן דורך פאַרשידנאַרטיקע מאָטיוון, האָבן די מענטשן געוואָלט אויף אַלערליי אופנים זיך באַפרייען פון דער מאַכט פון געשלעכט. די געשיכטע פון אַסקעטיזם איז איין לאַנגער קאַמף מיט לא־יוצלחדיקע מיטלען אַקעגן דער מעכטיקייט פון געשלעכט, און אייגנטלעך אַקעגן דער סאַמע פונדאַמענטאַלער און צענטראַלער דערשיינונג אין דער לעבעדיקער נאַטור.

אַלע באַמיִונגען פון די אַסקעטן זענען געבליבן אָן רעזולטאַט. ווייל דעם מענטש קאָן מען נישט אָפּרייסן פון דער איבריקער אָרגאַנישער וועלט, ער זאָל דערביי נישט אויפהערן צו עקזיסטירן ווי אַ מענטש. אין דער לעבעדיקער נאַטור בילדן גראָד די דערשיינונגען פון געשלעכטלעכן לעבן יענע אַקס, אַרום וועלכער עס דרייט זיך דאָס גאַנצע לעבן. „ס'איז געגוג“, זאָגט פּראָפ. ריבין, „זיך צוקוקן כאָטשבי גאָר אויבערפלעכלעך צו דער

לעבעדיקער נאַטור אַרום אונז, כּדי זיך צו איבערצייגן, ווי אומגעהייער וויכטיק עס זענען די פּראָצעסן פון געשלעכטלעכן לעבן. בלויז לשם געשלעכטלעכער פאַרמערונג בליִען ליליען אין פעלד און שמעקן רויזן אין די גאָרטנס; בלויז אַ דאַנק דעמדאָזיקן מעכטיקן לעבנס-באַוועגער צווּיטשערט דער סאָלאָוויי אויף די ביימער, און ס'פליט הויך אין הימל אַריין מיט זיין ליד די לערכע. די גאַנצע שיינקייט, די גאַנצע פּראַכט און בונטקייט פון די פאַרבן, מיט וועלכע עס באַצויבערט און פאַרלאָקט אונז די לעבעדיקע נאַטור, – דאָס אַלץ אַנטשטייט, פאַרפולקומט זיך און אַנטוויקלט זיך אַלץ ברייטער און טיפער בלויז אַ דאַנק די דער-שיינונגען פון געשלעכטלעכן לעבן; לסוף איז אויך דער מענטש נישט קיין אויסנאַם פון אַלגעמיינעם כּלל: אויך ביי אים איז דער געשלעכטלעכער דראַנג איינע פון די וויכטיקסטע סיבות פון פיזישער און גייסטיקער פאַרפולקומנונג".

אָבער אַחוץ די נאַיווע פּרוּוון צו באַקעמפן דורך דאַוונען, פאַסטן און קלערן דעם „יצר-הרע פון גוף", באַגעגענען מיר שוין אין אַלטערטום אַ היפּש ביסל ענערגישערע פּרוּוון צו פּראָ-טעסטירן אַקעגן דער „דיקטאַטור פון געשלעכט". אין פאַרשידענע עפּאָכן און ביי פאַרשידענע פעלקער איז מער אָדער ווייניקער געווען פאַרשפּרייט דער באַרבאַרישער מנהג צו קאַסטרירן, ד. ה., צו פאַרניכטן די געשלעכטלעכע פונקציע דורך אַן אָפּעראַטיווער אַריינמישונג. אין כינע איז דערדאָזיקער מנהג באַקאַנט געווען שוין מער ווי טויזנט יאָר פאַרן אָנהייב פון אונזער צייט-רעכנונג. וועגן קאַסטרירונג ווערט דערמאָנט אויך אין חומש און אין ספר ישעיהו. ברייט פאַרשפּרייט איז דער מנהג פון קאַסטרירונג געווען אין אַלטן מצרים און אין רוים. לויט העראָדאָטס ווערטער פלעגן די גריכן שטענדיק אויספירן דידאָזיקע באַרבאַרישע אָפּעראַציע אויף שקלאַפן. דורך יאָרהונדערטער און אַפילו יאָרטויזנטער איז דערדאָזיקער שרעקלעכער מנהג דערגאַנגען ביז צו אונזערע טעג. די מאָטיוון פון קאַסטרירונג פלעגן זיך בלי שום ספק ענדערן אין פאַרשידענע צייטן און ביי פאַרשידענע פעלקער. דער עצם איז אַלעמאָל געבליבן איין-און-דערזעלביקער. אין רוים און אין

ניִיכנלאַנד, איז אַלטערטום און אין די מאַהאָמעדאַנישע לענדער און כינע נאָך גאָר נישט לאַנג פלעגט מען קאַסטרירן מענטשן, כדי צו האָבן אונטערטעניקע, געהאָרכזאַמע שקלאַפן און זיכערע, „נישט-געפערלעכע" וועכטער אין די האַרעמען. לויט די ווערטער פון ד"ר ק אָ ר ס אַ ק אָ וו האָט זיך אויפן הויף פון כינעזישן קייסער נאָך גאָר נישט לאַנג (פאַר דער רעוואָלוציע) געפונען אַ גאַנצער שטאַב פון קאַסטראַטן (סריסים); דער קייסער אַליין האָט געמעגט באַזיצן 3000 איינוכן (סריסים), די פרינצן און פרינצעסינס זענען געווען באַגרענעצט און האָבן נישט געטאָרט האָבן מער ווי 30 קאַסטראַטן.

אין ערשטן יאָרטויזנט פון דער קריסטלעכער צייט-רעכנונג פלעגן גייסטלעכע אין מזרח-טייל פון דער רוימישער אימפּעריע זיך אָפּט לאָזן קאַסטרירן. די סיבות זענען געווען רעליגיעזער פאַנאַטיזם און שטרעבונג צו דערנענטערן אויף אַזאַ בלוטיקן וועג דעם נצחון פון גייסט איבערן קערפּער. נאָך ביי היינט-צו-טאָג ווערט דידאָזיקע שרעקלעכע אָפּעראַציע אויסגעפירט אין דער סעקטע פון די „סקאָפּצעס" אין רוסלאַנד. ביי מאַנסבילן שניידט מען אַרויס די געשלעכטלעכע דריזן און אָפט אַפילו דעם מענלעכן גליד. אויף פרייען ווערט אויסגעפירט אַ ריי אָפּעראַציעס, וועלכע נעמען, אייגנטלעך, נישט צו די מעגלעכקייט אָנטיילצונעמען אין געשלעכטלעכע אַקטן אָדער צו ווערן שוואַנגער און רופן זיך אָפּ בלויז אומדירעקט אויף דער געשלעכטלעכער פונקציע. מען פאַרקריפּלט די דרויסנדיקע געשלעכטלעכע אָרגאַנען, שניידט-אַרויס די ציצן און באַזייטיקט אַפילו אינגאַנצן די ברוסט.

אויב די געשלעכטלעכע דריזן ווערן באַזייטיקט פאַר דער געשלעכטלעכער צייטיקייט, „ברעכט" זיך נישט די שטימע פון יינגלעך אין דער געהעריקער צייט, און עס ווערן אָפּגעהיט דער קלאַנג און די ריינקייט פון דער קינדערשער שטימע. צוליב דעם פלעגט מען אין די קאַטוילישע לענדער אפט דורכפירן דידאָזיקע אָפּעראַציע, כדי צו באַקומען גוטע זינגער-דיסקאַנטן. לויט ה י ר ש-פ ע ל ד ן (1916) פלעגט מען נאָך אין 18-טן יאָרהונדערט קאַסטרירן אין קירכן-געביט יאָר-איין יאָר-אויס ביז 2000 יינגלעך. עס איז געווען

אַ שפּריכוואָרט, אַז „דאָס געזאַנג פון קאַסטראַטן דערמאָנט אָן די שטימען פון הימלישע כּרובים". אין די פענצטער פון פּריזירער און דאָקטוירים זענען געהאָנגען מודעות: „דאָ קאַסטרירט מען ביליג און גוט". מען דערציילט, אַז דער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר ראָסיני האָט אין יאָר 1827 אָנגעשריבן אַן אָפּערע „אוירעליאַן אין פּאַלמיר" ספּעציעל פאַרן קאַסטרירטן זינגער וועלוטי, און אַז אַפילו נאַפּאָלעאָן אַליין איז געווען גערירט ביז טרערן, בעת דער קאַסטראַט קרעסטשענטיני האָט פאַר אים געזונגען אין „ראָמעאָ און דזשוליעטאַ". אין פּויפּסטלעכן פּאַלאַץ אין רוים זענען בּאַזונדערס באַרימט געווען די קאַסטרירטע זינגער, וועלכע האָבן שוין דערגרייכט אַ גאַנץ בכּבודיקע עלטער.

אויך אין דער מעדיצינישער פּראַקטיק מוז מען אָפּט אָנ-קומען צו אַן אָפּעראַטיווער באַזייטיקונג פון די געשלעכטלעכע דריזן. אַזוי, למשל, מוז מען אין פאַל פון אַן אָסטעאָמאַלאַציע (ווייך ווערן פון די ביינער), זייער אַ געפערלעכער קראַנקהייט, וואָס ענדיקט זיך געוויינלעך מיט טויט, אָנקומען צו אַן אויסערסט ראַדיקאַל מיטל — צו אַן אָפּעראַטיווער באַזייטיקונג פוןביידע אייערשטאָקן. אַ קאַסטרירונג מוז ווערן אויסגעפירט אויך ביי ראַק און שווינדזוכט פון די זוימען-דריזן און ביי אַ ריי אַנדערע קרענק-לעכע ענדערונגען אין אייערשטאָק. אין די 70-ער און 80-ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט איז די קאַסטרירונג, לויט די ווערטער פון ד"ר ב ע ל אָ ו, געווען אַזוי פּאָפּולער צווישן דאָקטוירים, אַז אייניקע היץ-קעפּ האָבן זי אַפילו פּראָפּאַגאַנדירט ווי אַ מיטל צו לייזן געוויסע סאָציאַלע פּראָבלעמען. אַזוי, למשל, האָט ג ו ד ע ל פאָרגעלייגט צו קאַסטרירן מענער און פרויען מיט אַ ירושהדיקער נייגונג צו גייסטיקע קראַנקהייטן, און ד"ר ק ע ל ע ר האָט זיך אַפילו דעררעדט צו דער מיינונג, אַז „דאָס צוזאַמענ-לעבן מיט אַ קאַסטרירטער פרוי איז אַן אידעאַלער טיפּ פון אַ חתונה" *).

---

*) אין אַמעריקע איז אין אַ ריי שטאַטן איינגעפירט סטעריליזאַציע אַלס

אין זיין אַרטיקל וועגן אָפּעראַטיווער באַזייטיקונג פון געשלעכטלעכע דריזן ברענגט הירשפעלד (1916) עטלעכע ביישפּילן פון זיין פּראַקטיק, ווען ער, ווי אַ דאָקטאָר, האָט געמוזט מסכּים זיין צו קאַסטרירן קערפּערלעך פולקום געזונטע מענטשן. זיי האָבן געפאָדערט דורכצופירן דידאָזיקע אָפּעראַציע, דראָענדיק צו באַגיין זעלבסטמאָרד; די סיבות זענען געווען — דער ווילן זיך צו באַפרייען פון אַ קעגן-נאַטירלעכן געשלעכטלעכן דראַנג, אָנאַניזם א. אַ. וו.

נישט ווייניק קאַסטראַטן האָט געבראַכט אויך דער לעצטער וועלט-קריג, ווען מען פלעגט אין איין טאָג אָפט ברענגען צענטליקער זעלנער מיט פאַרוווּנדעטע זוימען-דריזן, און זיי האָבן געמוזט ווערן פולשטענדיק קאַסטרירט.

עס איז דערפאַר קיין ווונדער נישט, וואָס עס האָבן זיך אָנגעקליבן אַזוי פיל וויסנשאַפטלעך קאָנטראָלירטע מאַטעריאַלן וועגן די רעזולטאַטן, וועלכע ס'האָט פאַרן קערפּער די באַזייטיקונג פון געשלעכטלעכע דריזן. שוין די רוסישע סקאָפּצעס אַליין האָבן געגעבן אַ קאָלאָסאַלן מאַטעריאַל פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. פי-ציכטער קאַסטרירן שוין פון די אוראַלטע צייטן נוציקע בעלי-חיים, און די פיזיאָלאָגן האָבן אויסגעפונען פאַרשידנאַרטיקסטע וועגן אויף אויסצושליסן די געשלעכטלעכע דריזן ביי פאַרשידענע בעלי-חיים. צוליב אַלעם דעם איז קיין ווונדער נישט, וואָס ס'איז שוין לאַנג פאַרענטפערט די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט קינסטלעך אָפּצושוואַכן די מאַכט פון געשלעכט, און וואָס עס זענען שוין אַלזייטיק אויפגעקלערט און אויסגעפאָרשט אַלע

---

שטראָף. וועלנדיק פלומרשט פאַרבעסערן די מענטשלעכע ראַסע מאַכט מען דאָרטן אומפרוכטבאַר שווערע פאַרברעכער (מאַנסבילן). ביי אַזאַ „סטעריליזאַציע" (פון סטעריל — אומפרוכפּעריק) ווערן איבערגעבונדן די קאַנאַלן, דורך וועלכע עס גייט-אַרויס די זרע. אויב די אָפּעראַציע ווערט געמאַכט פּאָרזיכטיק און עס ווערן דערביי נישט פאַרכאַפּט די בלוט-געפעסן פון אַרויספיר-קאַנאַל, ווערט נישט דער באַשטראָפטער פאַרברעכער אַ קאַסטראַט אין פולן זין פון וואָרט. ער פאַרלירט בלויז די פעיקייט צו באַפרוכפּערן, קאָן אָבער אויספירן געשלעכטלעכע אַקטן און פאַרבלייבט אין אַלע אַנדערע הינזיכטן אַ נאָרמאַלער מאַנסביל. [זע חעגן דעם ג. ג. שטעכער, „קומענדיקע דורות", זייט 86 און ווייטער].

רעזולטאַטן פון אונטערדריקן די געשלעכטלעכע פונקציע.

ביי אַ פולשטענדיקער באַזייטיקונג פון די געשלעכטלעכע דריזן, ד. ה., זוימען־דריזן ביי מאַנסבילן און אייערשטאָקן ביי פרויען, ווערט אין אַ געוויסער צייט אַרום פולקום אויסגעלאָשן דאָס געשלעכטלעכע געפיל. אין איינצל־פאַלן איז עס נישט אַזוי *) און די סיבות דערפון קאָנען זיין פאַרשידענע: נישט־פולקומקייט פון דער אָפּעראַציע גופא (אין בויך־חלל זענען, למשל, געווען איבערפליסיקע געשלעכטלעכע דריזן), אָדער אַ קאָמפּענסירנדיק פאַרשטאַרקטע טעטיקייט פון אַנדערע אָרגאַנען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער געשלעכטלעכקייט, ווי למשל, שילד־דריז, נעבן־נירן, צוגאָב־דריז א. אַ. וו., אָדער ריין נערוועזע איינפלוסן, וועלכע אַנטשטייען אין דער מאַרך־קאָרע גופא; יעדנפאַלס זענען דאָס אויסנאַם־דערשיינונגען. געוויינלעך ווערט דאָס געשלעכטלעכע געפיל אין אַ געוויסער צייט נאָך דער קאַסטרירונג אינגאַנצן אויסגעלאָשן. עס וואָלט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז דאָס אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון די געשלעכטלעכע האָרמאָנען וואָלט געדאַרפט „באַפרייען דעם גייסט פון דעם גופס קייטן", ווי מען פלעגט זיך אַמאָל אויסדריקן. אין דער ווירקלעכקייט געשעט פונקט פאַרקערט. צוזאַמען מיטן געשלעכטלעכן געפיל ווערן אויסגעלאָשן אויך יענע דערשיינונגען פון דער העכערער נערוון־טעטיקייט, וועלכע ווערן אָנגערופן „נשמה". אַפילו בעלי־חיים פאַרלירן זייער אינדיווידועלקייט און למשל קאַסטרירטע הינט זענען, לויט די ווערטער פון פראָפ. ר ע פ ר ע ו ו, „מער ענלעך איינע אויף די אַנדערע ווי נאָרמאַלע הינט". זיי זענען פויל, אומבאַוועגלעך און געפינען זיך די גאַנצע צייט אין אַ געדריקטער

*) חעגן דעם ווערט דערמאָנט אין דער ליטעראַטור. אין רוים זענען אין אַלטערטום כלומרשט געווען מענלעכע שאַנד־הייזער מיט קאַסטרירטע שקלאַפן, און זיי פלעגן באַזוכט ווערן דורך אַריסטאָקראַטישע רוימעריננס, וועלכע האָבן מורא־געהאַט צו פאַרשוואַנגערן. ביי הינט איז נאָך דער קאַסטרירונג באַמערקט געוואָרן נישט בלויז אַ פאַרבליבענער געשלעכטלעכער אינסטינקט, נאָר אַפילו אַ נישט־נאָרמאַלע פאָרם זיינע: אַ קאַסטרירטער הונט אַן ער האָט למשל געפרוווט זיך באַהעפטן מיט אַ חון.

שטימונג. ביי מענטשן שטאַרבט אינגאַנצן אָפּ די „נשמה". צוזאַמען מיטן געשלעכטלעכן געפיל פאַרשווינדן אינגאַנצן אַלע ווערטפולע אייגנשאַפטן פון דער מענטשלעכער „נשמה", און ס'ווערן אויסגעלאָשן אירע בעסטע שטרעבונגען און אידעאַלן. קאַסטראַטן צייכענען זיך אויס מיט גייסטיקער טעמפּקייט און אָפּגעלאָזנקייט. זיי ווערן אומפעיק צו שעפערישער טעטיקייט און צו עסטעטישע איבערלעבונגען; זיי פאַרלירן יעטוועדן חוש פאַר די איינפאַכסטע טעכנישע זאַכן. אין מאָראַלישער באַציִונג זענען זיי עגאָיִסטיש, טרוקן און קליינלעך, פולשטענדיק גלייכגילטיק צו אַנדערע מענטשן; זיי לעבן מיט די סאַמע פּרימיטיווע רעפלעקסן. דאָס גאַנצע לעבן זייערס ווערט אויסגעפילט מיט אינטערעסן פון מאָגן און מיט קליינלעכע טאָג-טעגלעכע ענינים.

פיזיאָלאָגישע אונטערזוכונגען האָבן באַוויזן, אַז נאָך דער קאַסטרירונג ענדערט זיך אין קערפּער דער גאַנצער שטאָף-אויסטויש, ד. ה., דער סאַמע פונדאַמענטאַלער פּראָצעס אין לעבעדיקן אָרגאַניזם, און ס'קומען-פאָר ווייטגייענדיקסטע ענדערונגען אין אַ ריי אָרגאַנען מיט אינעווייניקסטער סעקרעציע-אָרגאַנען — רעגולאַטאָרן פון לעבעדיקן קערפּער, וועלכע פאַרזיכערן די האַרמאָניע צווישן זיינע איינצל-טיילן. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט ענדערט זיך אויך דאָס דרויסנדיקע אויסזען פון די קאַסטראַטן. די הויט ווערט בלאַס מיט אַ כאַראַקטעריסטישער געלבלעכער באַפאַרבונג. אויפן פּנים באַווייזן זיך שוין אין פריער עלטער קנייטשן, וועלכע אונטערשיידן זיך עטוואָס לויט זייער לאַגע און כאַראַקטער פון די קנייטשן ביי זקנים. אַזוי ווי אין קערפּער ווערן אויסגעאַרבעט זייער אַ סך אַזאָט-פרייע פּראָדוקטן, קומט-צושטאַנד אַן אויסערסט כאַראַקטעריסטישע אָנזאַמלונג פון פעטס אין געוויסע באַשטימטע ערטער פון קערפּער: אויף דער ברוסט, אין אונטערשטן טייל בויך א. אַ. וו. דער גאַנצער קערפּער ווערט זייער אָרים אין אייוועיס-שטאָפן, די מוסקלען ווערן אָפּגעלאָזן און שוואַך אַנטוויקלט. דער סקעלעט פון די סקאָפּצעס פאַרוואונדערט מיט דער נישט-נאָרמאַלער לענג פון די הענט- און פוס-ביינער. אין די אויגן וואַרפט זיך די פאָרם

פון בעקן, וועלכער דערמאָנט לויט זיין כאַראַקטער אָן אַ קינדערשן בעקן. דער גומען וועלכער איז, ווי באַקאַנט, פאַרשידן ביי ביידע געשלעכטער, באַקומט נאָך דער קאַסטרירונג אַן, אַזוי-צו-זאָגן, אויסער-געשלעכטלעך אויסזען. ביי אַ קאַסטרירטן מאַנסביל איז ער אויף אַ דריטל קלענער ווי ביי אַ נאָרמאַלן מאַנסביל פון דער זעלביקער עלטער און פון דעמזעלביקן וווקס. די סקאָפּצעס האָבן אַ גאַנץ הויכע און קלינגענדיקע שטימע, וועלכע דערמאָנט אַ ביסל אָן דער שטימע פון ייִנגלעך. אַלע טיילן פון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט (למשל די פּאָדערשטע דריז, די זוימען-פּענכערלעך א. אַ. וו. בּ'יים געוועזענעם מאַנסביל, און די געבויר-מוטער, די אייפּירער, די שייד און דער קליטאָר ביי דער געוועזענער פרוי) אַנטוויקלען זיך אויף צוריק און האָבן אין משך פון גאַנצן לעבן אַ קינדעריש אויסזען. עס ענדערט זיך אַפילו די טעמפּעראַטור פון קערפּער. געוויינלעך איז זי ביי זיען אַ ביסל העכער ווי ביי ערן. נאָך דער קאַסטרירונג פאַרקלענערט זיך די טעמפּעראַטור ביי זיען (באַאָבאַכטונגען פון שטיינאַך און ליפּשיץ, 1917), און בלייבט אומגעענדערט ביי ערן, אַזוי אַז עס באַקומט זיך ווידער-אַמאָל אַן אויסער-געשלעכטלעכער טיפּ פון קערפּער-טעמפּעראַטור.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז נאָך דער אָפּעראַטיווער באַזייטיקונג פון די געשלעכטלעכע דריזן ענדערן זיך אויך אַלע געוועבּ-עלעמענטן פון קערפּער. זיי ווערן דינער און שמעלער, און ס'פאַרגרעסערן זיך זייערע לענג-דיאַמעטרען. דאָס דערקלערט אונז אַ שוין לאַנג-באַקאַנטן פאַקט, אַז דאָס פלייש פון קאַסטרירטע בעלי-חיים איז געשמאַקער ווי דאָס פלייש פון נאָרמאַלע בעלי-חיים. די מוסקל-פעדים זענען ביי די קאַסטרירטע בעלי-חיים דינער, און דערפאַר קומט ביי זיי אויס אויף יעדער איינס פון פאַרנעם מערער פלייש און ווייניקער פאַרבינדונגס-געוועב.

מיר זעען בכן, אַז די באַפרייונג פון געשלעכט רופט-אַרויס וויכטיגייענדיקסטע ענדערונגען אין אָרגאַניזם, און אַז די געשלעכטלעכע דריזן וואַקסן באמת אַריין מיט זייערע וואָרצלען, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אין אַלע געביטן, וווּ ס'איז טעטיק דער לעבעדיקער אָרגאַניזם.

אָבער נישט בלויז דער שטאָף-אויסטויש אַליין ענדערט זיך נאָך דער באַזייטיקונג פון די געשלעכטלעכע דריזן. באַזונדערס אין פאַל פון אַ פריער קאַסטרירונג אַנטוויקלען זיך אינגאַנצן נישט אָדער אַנטוויקלען זיך זייער שוואַך די סימנים, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן געגעבענעם געשלעכט, הגם זיי האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות צו דער געשלעכטלעכער פונקציע. אַזעלכע סימנים ווערן אָנגערופן סעקונדערע געשלעכטלעכע סימנים. צו זיי געהערן, צ. ב., ביים מאַנסביל — באָרד און וואָנצעס, גרויסער גומען א. אַ. וו., ביי דער פרוי — שטאַרקע אַנטוויקלונג פון די מילך-דריזן, קלענערער גומען, צאַרטקייט פון די ביינער, פאַרהעלטנישמעסיק גרעסערע פאַרנעמיקייט פון בעקן א. א. וו. אין פאַל פון אַ שפּעטערדיקער קאַסטרירונג ווערן דידאָזיקע סימנים בלויז אָפּגעשוואַכט; אויב אָבער די געשלעכטלעכע דריזן ווערן באַזייטיקט אין דער פריער קינדהייט אַנטשטייט אַ געוויסע אויסער-געשלעכטלעכע פאָרם. באַזונדערס בולט און עפעקטפול זעט זיך דאָס ביי פויגלען, צ. ב., ביי הינער מיט זייערע שאַרפע און פאַרביקע אונטערשידן צווישן די געשלעכטער; נאָכן באַזייטיקן די אייערשטאָקן באַקומען די הינער העגערשע שפּאָרן און פעדערן מיט אַלע זייערע פאַרבן, ניואַנסן און פאָרמען; העגער פאַרלירן נאָך דער קאַסטרירונג נישט אַלע זייערע העגערשע געשלעכטלעכע סימנים, ביי זיי פאַרבלייבן שפּאָרן און פעדערן. אַזוי-אַרום זענען די קאַסטרירטע הינער און העגער מערקווירדיק ענלעך איינע צו די אַנדערע.

אַזאַ ענגע פאַרבינדונג צווישן די געשלעכטלעכע דריזן פון איין זייט און כמעט אַלע אַנטפּלעקונגען פון דער לעבנס-טעטיקייט פון דער אַנדערער זייט איז פריער געווען לחלוטין אומפאַרשטענדלעך. מען איז זיכער געווען, אַז די געשלעכטלעכע אָרגאַנען זענען באַרופן בלויז אויסצואַרבעטן געשלעכטלעכע קעמערלעך און פאַרזיכערן זייער פאַרייניקונג און פאַרוואַנדלונג אין אַ פרוכט. איצט איז דורך צאָל-רייכע ביאָלאָגישע אונטער-זוכונגען פעסטגעשטעלט, אַז די געשלעכטלעכע אָרגאַנען האָבן חוץ דערדאָזיקער אויפגאַבע נאָך אַן אַנדערע, נישט ווייניקער

וויכטיקע פיזיאָלאָגישע אויפגאַבע, דהיינו, די אינקרעציע, דאָס אַריינגעבן אין בלוט באַזונדערע כעמישע אויפרייצער, די אַזוי־גערופענע געשלעכטלעכע האָרמאָנען. בכן דאַרף אונז נישט וווּנדערן און ס׳דאַרף אונז נישט אויסקומען אויסטערליש דער פריער־באַשריבענער טיפער „אַריינוווּקס פון געשלעכט אין מענטש". מיר ווייסן איצט גענוי דעם וועג, ווי אַזוי די געשלעכטלעכע אָרגאַנען ציען־אַריין דעם גאַנצן אָרגאַניזם צו דינען דעם מין. דער דראָזיקער וועג איז דאָס בלוט, די בלוט־געפעסן, דורך וועלכע די געשלעכטלעכע האָרמאָנען טראָגן זיך פאַנאַנדער מיט דער געשווינדקייט פון אַ בלוט־כוואַליע איבערן גאַנצן קערפער, ביז אין די ווייטעסטע ווינקעלעך זיינע. דאָ פאַרווירקלעכן זיי די „דיקטאַטור פון געשלעכט", וועלכע איז אומבאַדינגט נויטיק, כדי עס זאָל זיך נישט איבעררייסן דאָס לעבן אויף דער ערד. צוזאַמען מיטן בלוט דרינגען די געשלעכטלעכע האָרמאָנען אַריין אויך אינם מאַרך, און דאָ, אין דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון גאַנצן קערפער, רייסן זיי זיך אַריין אין זיין טעטיקייט און שטעלן אויך דאָ הערשעריש איין זייער דיקטאַטור. די האָרמאָנען ווירקן אויף די נערוון־צענטרען און „עראָטיזירן" דעם מאַרך, ווי עס דריקן זיך אויס אייניקע פיזיאָלאָגן (פון גריכישן וואָרט „עראָס" — ליבע, געשלעכטלעכע תאווה). זיי גיבן־צו דער גאַנצער טעטיקייט פון נערוון־סיסטעם אַ באַזונדערן „געשלעכטלעכן אָפּנויג", שטימען זי אָן אויף אַ באַזונדערן „געשלעכטלעכן" אופן, און פאַרסמט דורך די־דאָזיקע האָרמאָנען, הייבט דער מאַרך אָן צו באַנעמען גאָר די וועלט דורך דער פריזמע פון אַ באַזונדערער געשלעכטלעכער שטימונג.

ווי מיר וועלן זען שפּעטער, בעת מיר וועלן רעדן וועגן דער גלייכהייט אָדער ריכטיקער עקוויפּאָטענציעלקייט (גלייכווערטיקייט) פון מענלעכן און ווייבלעכן קערפער, זענען דידאָזיקע האָרמאָנען שטרענג ספּעציפיש פאַר יעדן געשלעכט, ד. ה., עס זענען פאַראַן מענלעכע האָרמאָנען, וועלכע ריכטן אַלע פּראָצעסן פון קערפער אין דער זייט פון מענלעכן געשלעכט, און ווייבלעכע האָרמאָנען, וועלכע פאַרוואַנדלען דעם אָרגאַניזם אין אַ ווייבלעכן אָרגאַניזם, פאַרקירעווען

זיין גאַנצע אַנטוויקלונג און די טעטיקייט פון זיינע איינצל-טיילן אין דער ריכטונג פון ווייבלעכן געשלעכט. אַ ווייבלעך עראָטיזירט נערוון-סיסטעם ווערט אַ קוואַל פון ווייבלעכע געשלעכטלעכע געפילן, ווייבלעכע געשלעכטלעכע איבערלעבונגען און פון אַלעם דעם, וואָס מיר רופן-אָן אין טאָג-טעגלעכן לעבן „ווייבלעכע נשמה”. די ווייבלעכע געשלעכטלעכע אינקרעציע באַשאַפט עס דאָס „אייביק ווייבלעכע”, וואָס ווערט אַזוי באַזינגען דורך פאָעטן און ווירקט אַזוי צוציענדיק אויף די מאַנסבילן *). נאָך אַ סך פריער, איידער ס'איז אַנטשטאַנען די קענטעניש וועגן אינעוויי-ניקסטער סעקרעציע, האָט וועגן דעם קלאָרע דיבורים געשריבן דער באַרימטער ווירכאָוו: „אַלע באַזונדערקייטן פון ווייבלעכן קערפער און גייסט, אַלדאָס ווייבלעכע פון אַן אמתער פרוי, אַלץ, וואָס מיר באַוואונדערן און שעצן אין אַ פרוי, און אַלץ, וואָס רייצט און ערגערט אונז אין איר, — דאָס אַלץ איז סוף-כל-סוף אָפהענגיק פון בוי און פון פיזיאָלאָגישן צושטאַנד, אין וועלכן עס געפינען זיך אירע אייערשטאָקן”. דערדאָזיקער געדאַנק ווירכאָווס איז בלויז אַ נייע פאָרמולירונג און אַ מאָדערניזירונג פון אַן אַלט, לאַקאָניש רוימיש שפריכוואָרט: „Qualis uterus, talis femina”, ד. ה. „ווי די געבויר-מוטער, אַזוי איז די פרוי”.

די מענלעכע געשלעכטלעכע האָרמאָנען ווירקן אויף אַלע

*) ס'פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע אייגנשאַפטן פון דער הייגנטצייטיקער פרוי זיינען אָפהענגיק אויסשליסלעך פון ביאָלאָגישע סיבות. אַ געוויסע אומבאַהאָלפנקייט און נישט-זעלבשטענדיקייט, וועלכע מען טרעפט איצט אָפט ביי פרויען, ווי אויך דאָס פעלן פון איניציאַטיוו, די פעיקייט זיך לייכט אונטער-צוגעבן אַ פרעמדן איינפלוס א. א. וו., — דאָס אַלץ נעמט זיך פון דער סאָציאַלער פאַרשקלאַפונג, אין וועלכער עס האָבן זיך ביזאיצט געפונען די פרויען, און בלויז אַ צווייטראַנגיקע ראָלע האָט דאָ געשפילט די פיזיאָלאָגיע. די ווייבלעכע געשלעכטלעכע אינקרעציע איז געווען בלויז דער גרונט, אויף וועלכן עס זיינען באַזונדערס לייכט אַנטשטאַנען די „שקלאַפישע” אייגנשאַפטן. אין דער צוקונפט וועלן דידאָזיקע „שקלאַפישע” שטריכן פאַרשווינדן, דאָס „אייביק ווייבלעכע” וועט אָבער פאַרבלייבן ביי יעדער סאָציאַלער אָרדענונג, אָדער... דער מענטשלעכער מין וועט דעגענערירן און אויפהערן צו עקזיסטירן.

אָן אויסנאַם עלעמענטן פון קערפּער, גיבן־צו אַלע לעבנס־פּראָצעסן אַ מענלעכן אָפּנויג און צווינגען דעם קערפּער אין אַלע הינזיכטן צו זיין פאַרשידן פון ווייבלעכן קערפּער. איטלעך קעמערל פון מענלעכן קערפּער, יעטוועדע נישטיקע פיזיאָלאָגישע דערשיינונג אין אים ווערט אַ דאַנק די האָרמאָנען ספּעציפיש „מענלעך". אַלץ, אויף וואָס עס פאַרשפּרייט זיך נאָר זייער ווירקונג, באַקומט אַ „מענלעכן כאַראַקטער". אין מאַרך, וואָס איז פאַרשיכורט דורך דידאָזיקע מעכטיקע אויפרייצער, ווערט געבוירן דאָס מענלעכע געשלעכטלעכע געפיל מיט אַלע זיינע קאָמפּליצירטעסטע פאַר־צווייגונגען אין דער נשמה פון מאַנסביל, מיט אַלע פאַרשידנאַרטיקסטע ניואַנסן און שאַטירונגען פון דעמדאָזיקן מעכטיקן געפיל. דיזעלביקע האָרמאָנען ווירקן אויך אויף אַלע פונקציעס פון מאַרך, אויף אַלעם דעם, וואָס מיר רופן־אָן אין אַלטעגלעכן לעבן „נשמה" און אונטערשיידן עס פון דער ווייבלעכער נשמה, פונקט ווי פייער אונטערשיידט זיך פון וואַסער און אַ זויערס אונטערשיידט זיך פון אַ לויג.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז די געשלעכטלעכע האָרמאָנען זענען דער איינציקער פיזיאָלאָגישער מעכאַניזם, וועלכער רייצט־אויף די אַנטשפּרעכנדיקע צענטרען פון נערוון־סיסטעם, וואָס זענען אומבאַדינגט נויטיק פאַר דער געשלעכט־לעכער טעטיקייט. די ערײַטיזירונג פון נערוון־סיסטעם דורך די האָרמאָנען איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דער פיזיאָלאָגישער יסוד, אָן וועלכן עס קאָן בכלל נישט פאַרווירקלעכט ווערן די געשלעכט־לעכע פונקציע. די אינעווייניקסטע געשלעכטלעכע סעקרעציע אַליין איז נאָך אָבער צו שוואַך, און בלי שום ספק שפּילן דאָ אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָלע אויך די אינקרעטן פון אייניקע אַנדערע אָרגאַנען מיט אינעווייניקסטער סעקרעציע. חוץ דעם קאָן דאָס נערוון־סיסטעם אויפגערייצט ווערן אויך אויף גאָר אַנדערע, נישט אינקרעטאָרישע וועגן. ערשטנס קאָן דאָס נערוון־סיסטעם ווערן סטימולירט, ד. ה., אויפגערייצט ריין פּסיכיש אָדער אַסאָציאַטיוו, למשל, דורך פאַנטאַזירן אין דער געשלעכטלעכער ריכטונג, דורך פּאַסיקע געשפּרעכן א. א. וו. צווייטנס קאָנען

אַלערליי דרויסנדיקע אויפרייצונגען, וועלכע גייען־אַרויס פון אַנדערן געשלעכט, דורך דער פאַרמיטלונג פון טאַפּ־חוש, חוש־הריח, זע־חוש און הער־חוש אַרויסרופן אין נערוון־סיסטעם געוויסע אויפרייצונגען און דערפירן צו אַ שטאַרקער געשלעכט־לעכער אויפרעגונג. אַלע מיטלען, מיט וועלכע אַ מאַנסביל וויל געפעלן דער פרוי, אַלע פאָרמען פון ווייבערישער קאָקעטעריע, פון די סאַמע פרימיטיווע ביז צו די סאַמע ראַפינירטע, האָבן פאַר אַ פיזיאָלאָגישן יסוד דווקא דידאָזיקע פעריפערישע *) אויפ־רייצונגען ביים אַנדערן געשלעכט דורך דער הילף פון רייד־רעפלעקסן, זע־סיגנאַלן, טאַפּ־ווירקונגען א. א. וו. **).

כדי צו דערקלערן דאָס, וואָס קומט־פאָר אין נערוון־סיסטעם ביי אַ געשלעכטלעכער רייצונג, לייגט־פאָר פראָפ. לאַפּינסקי אָנצונעמען, אַז ס'איז פאַראַן אַ באַזונדערער געשלעכטלעכער צענטער, אַנאַלאָגיש צום פאַרדייונגס־צענטער, וועלכער ווערט אָנגענומען דורך פּאַוולאָון. דער געשלעכטלעכער צענטער זאָל זיך געפינען אין דער קאָרע פון קאָפּ־מאַרך און געהערן צו דער קאַטעגאָריע העכערע צענטרען. דערדאָזיקער היפּאָטעטישער צענטער האָט, אַזוי־צו־זאָגן, אַ זאַמל־כאַראַקטער; עס זענען אים אונטערטעניק אַ ריי אַנדערע נערוון־צענטרען, וועלכע נעמען אָנטייל אין פאַר־מערונגס־פּראָצעס (מיר פאַרשטייען דאָס וואָרט אין ברייטעסטן זין). לאַפּינסקי זאָגט: „די טעטיקייט פון געשלעכטלעכן צענטער באַ־שטייט אין פאַרפולקומענען אַלץ, וואָס איז נוצלעך פאַרן געגעבענעם מין אָדער געשלעכט, און אונטערדריקן און טאָרמאָזירן

*) פעריפעריש דערווייטערט פון צענטער, אין קעגנזאַץ צו צענטראַל. פעריפעריש ווערן אָנגערופן אויפרייצונגען, וואָס קומען פון דרויסן און דערגרייכן דעם צענטער פון מאַרך דורך דעם מענטשנס חושים.

**) שטיווע האָט לעצטנס באַמערקט זייער אַן אינטערעסאַנטע דער־שיינונג אויף דעם געביט. ער האָט איינגעפונען, אַז דער דעליקאַטער בוי פון די זוימען־דריזן אונטערשיידט זיך בולט ביי ערן, וועלכע מען האָט איזאָלירט פון זיי, און אַנדערע ערן, וועלכע געפינען זיך, אַזוי־צו־זאָגן, אין דער „הירקונגס־ספערע" פון זיי, הגם זיי קומען נישט אין קיין דירעקטער באַ־רירונג מיט די זיין.

אַלץ, וואָס איז שעדלעך אָדער נישט-נוציק פאַר דער פאַרמערונג פון מין און פאַר דער באַשטימונג פון געשלעכט".

די אונטערזוכונגען פון אַנדערע ביאָלאָגן האָבן נישט באַשטעטיקט די עקזיסטענץ פון אַ באַזונדערן געשלעכטלעכן צענטער אין דעם זין, ווי דאָס האָט אָנגענומען לאַפּינסקי. זיי האָבן אָבער באַמערקט זייער אַן אינטערעסאַנטן פאַקט, וואָס וואַרפט אַ ליכט אויך אויף אונזער פראַגע.

דער פיזיאָלאָג אוכטאָמסקי און זיינע מיטאַרבעטער האָבן באַוויזן, אַז די פאַרשידענע צענטרען פון נערוון-סיסטעם אַרבעטן נישט גלייכאַרטיק און כסדרדיק ווי וואָסער-נישט-איז עלעמענטאַרער מעכאַניזם. זייער טעטיקייט ענדערט זיך, אויב עס באַווייזט זיך ערגעץ אין אַן אָפּטיילונג פון מאַרך אַ באַזונדערס שטאַרקער מקור פון אויפרייצונג. דערדאָזיקער אויפרייצונגס-מקור אָדער, ווי אוכטאָמסקי רופט אים אָן, די דאָמינאַנטע ציט-צו צו זיך אַלע נייע אויפרייצונגס-כוואַליעס און טאָרמאָזירט די איבריקע צענטרען. צוליב דעם ענדערט זיך, אַזוי-צו-זאָגן, אויף אַ געוויסער צייט די גאַנצע טעטיקייט פון נערוון-סיסטעם.

כדי דער באַגריף דאָמינאַנטע זאָל ווערן קלאָרער פאַרן לעזער, לאָמיר באַשרייבן אַן אינטערעסאַנטע באָאַבאַכטונג פון אוכטאָמסקי, וועלכע האָט אים, אַגב, געגעבן דעם שטויס זיך צו פאַרנעמען מיט ענלעכע דערשיינונגען. יעדער איינער ווייסט זיכער דעם אַלטן פּרווו, וואָס ווערט באַשריבן אין אַלע לערנביכער פון פיזיאָלאָגיע: אויב מען זאָל ביי אַ בעל-חי קינסטלעך אויפרייצן וועלכע-נישט-איז טיילן פון דער קאָרע אין הויפּט-מאַרך, וועט פאָרקומען אַ גאַנץ באַשטימטע אָרטיקע רעאַקציע, צ. ב., עס וועלן זיך צונויפּציען די מוסקלען פון די פיס. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער עקספּערימענט גייט-צו ווייט נישט אַזוי, ווי דאָס ווערט געזאָגט אין די לערנביכער פון פיזיאָלאָגיע, אויב דער בעל-חי גרייט זיך צו דעפעקאַציע, ד. ה., צום אויסשיידן מיסט. דיזעלביקע אויפרייצונג פון דער קאָרע אין הויפּט-מאַרך אין דעמזעלביקן פונקט רופט שוין נישט אַרויס קיין צונויפּציִונג פון די מוסקלען אין די ענד-גלידער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז

דערדאָזיקער פּראָצעס ווערט טאָרמאָזירט, און דאָס שטייט, ווייזט־אויס, אין פאַרבינדונג דערמיט, וואָס אין געגעבענעם מאָמענט זענען אויפגערייצט יענע צענטרען פון רוקן־מאַרך, וועלכע קירצווען מיט דער דעפעקאַציע. די אויפרייצונג, וועלכע האָט געדאַרפט אַרויסרופן אַ באַוועגונג פון די ענד־גלידער ווירקט איצטער לויט דער ליניע פון דער הערשנדיקער אויפרייצונג און רופט־אַרויס אַ באַוועגונג אין עק, ביי דער הינטערשטער עפענונג, טיילווייז אין די היפטן, אָבער יעדנפאַלס גאָר אַן אַנדער באַוועגונג, ווי דאָס האָט געדאַרפט זיין לויט דער אָנגענומענער סכעמע. אין דעם מאָמענט, ווען ־איינע פון דידאָזיקע אויפרייצונגען, וועלכע פאַרשטאַרקן בולט דעם פּראָצעס פון דעפעקאַציע, ברענגט טאַקע צו דער אויסשיידונג פון מיסט, ווערט דער טאָרמאָזירטער צענטער אַקוראַט ווי באַפרייט פון עפּעס אַ קלעם: ער הייבט ווידער אָן צו פונקציאָנירן, און ווי פריער קומען־צושטאַנד אין דער מוסקולאַטור פון די ענד־גלידער יענע רעאַקציעס, אויף וועלכע מען האָט זיך גערעכנט לויט דער סכעמע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט קיין צופאַל, נאָר אַ שטרענג געזעצמעסיקע דערשיינונג, און זי ווערט באַאָבאַכטעט נישט בלויז ביי דער דעפעקאַציע, נאָר אויך ביי פאַרשידענע אַנדערע באַדינגונגען. אַלע נערוון־צענטרען בכלל זענען פעיק צו בילדן אין געוויסע פאַלן אַ דאָמינאַנטע, און איר אָנוועזנהייט לייגט אַ שטעמפּל אויף דער גאַנצער טעטיקייט פון נערוון־סיסטעם.

ביי דער „עראָטיזירונג" פון מאַרך דורך די געשלעכטלעכע האָרמאָנען אַנטשטייען טאַקע פאַרשידענע געשלעכטלעכע דאָמינאַנטן, וועלכע טאָרמאָזירן אויף אַ געוויסער צייט אַלע איבריקע מאַרך־צענטרען. אין דער סאַמע פּרימיטיווער פאָרם זעען מיר עס ביי בעלי־חיים מיט בולט אויסגעדריקטע פעריאָדן פון געשלעכטלעכער אויפרייצונג, אין די אַזויגערופענע „געשלעכטלעכע פעריאָדן", אָדער פעריאָדן פון „גלוסטונג". אוכטאָמסקי שרייבט: „אַ בולט אויסגעשפּראָכן בילד שטעלט מיט זיך פאָר די דאָמינאַנטע פון געשלעכטלעכער אויפרייצונג ביי אַ קאַץ, וואָס איז איזאָלירט

פון ערן בעתן געשלעכטלעכן פעריאָד. די פאַרשידנאַרטיקסטע אויפרייצונגען, ווי למשל אַ קלאַפּ פון אַ טעלער בעתן דעקן צום טיש, דאָס דערלאַנגען אַ טאַץ מיט שפּייז און דאָסגל. רופן איצט נישט אַרויס דאָס געוויינלעכע מיאַאוקען און דאָס יאָגן זיך נאָך שפּייז, און פאַרשטאַרקן בלויז די סימפּטאָמען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן געשלעכטלעכן פעריאָד. דאָס איינגעבן גרויסע דאָזן פון בראָם-פּרעפּאַראַטן, אַפילו דאָזן, וואָס רופן-אַרויס די דערשיינונג פון בראָמיזם, איז נישט פעיק צו פאַר-טושן דידאָזיקע געשלעכטלעכע דאָמינאַנטע אין די צענטרען. אַפילו בעת דער בעל-חי ליגט שוין פולקום אויסגעמאַטערט, רופן-אַרויס די פאַרשידנאַרטיקע אויפרייצונגען ווי פריער אַלץ דעמזעלביקן קאָמפּלעקס סימפּטאָמען, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן געשלעכטלעכן פעריאָד.

די דאָמינאַנטע, וועלכע שטעלט זיך איין, איז, ווייזט-אויס, זייער שטאַנדהאַפטיק און הערשט לאַנג איבער די צענטרען. זי ווערט נישט פאַרניכטעט אַפילו דורך אַ צושטאַנד פון שטאַרקער פאַרמאַטערטקייט. ס׳באַקומט זיך אַן איינדרוק, אַז אויב די טעטיקייט פון צענטראַלן נערוון-סיסטעם ווערט אַנטשלומערט אונטער דער ווירקונג פון פאַרמאַטערטקייט אָדער פון בראָם-רפואות, ווערט די דאָמינאַנטע נאָך בולטער ווי געוויינלעך; זי ווערט אַנטשלומערט די לעצטע".

ביים מענטש איז אַ סך קאָמפּליצירטער די העכערע נערוון-טעטיקייט, און צוליב דעם איז אַ סך פאַרשידנאַרטיקער און בולטער אויך זיין געשלעכטלעכע דאָמינאַנטע. עס קאָנען אַנטשטיין גלייכצייטיק נישט איינע, נאָר אַ סך דאָמינאַנטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן געשלעכט. נאָר פונקט ווי פאַר יעדער אַנדערער דאָמינאַנטע, איז אויך פאַר דער געשלעכטלעכער דאָמינאַנטע כאַראַקטעריסטיש, אַז זי הערשט איבער די איבעריקע צענטרען, און אַז די אויפרייצונגען, וועלכע קומען פון דער אַרומיקער סביבה, ווערן דורך איר צונויפגעזאַמלט און דינען צו איר אויפ-רעגונג. די אויפרעגונג פון דער געשלעכטלעכער דאָמינאַנטע קאָן ווערן פאַרשטאַרקט נישט בלויז דורך דירעקטע אויפרייצונגען,

וואָס גייען-אַרויס פון אַנדערן געשלעכט, נאָר אויך דורך אויס-רייצונגען, וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט צום געשלעכט. אויף דער וואַנט באַווייזט זיך אַ שטראַל פון דער זון, פון הויף הערט זיך אַ מעלאָדיע, אַ ווינטל בלאָזט פון אָפענעם פענצטער, — דאָס אַלץ רעגט-אויף די פּאַראַנענע דאָמינאַנטע, כּל-זמן זי איז בולט און טעטיק. דאָס אַלץ בלאָזט-פאַנאַנדער דעם פלאַם פון געשלעכטלעכן געפיל.

איינע פון די וויכטיקסטע אייגנשאַפטן פון אַלע דאָמינאַנטן, און בכן אויך פון די געשלעכטלעכע דאָמינאַנטן, איז זייער פעיקייט צו אינערציע, אַנדערש גערעדט, זייער נייגונג צו פאַר-בלייבן און זיך צו דערהאַלטן אויף ווי ווייט מעגלעך אין דער גאַנצער קראַפט אַפילו דעמאָלט, ווען עס האָט זיך געענדערט די דרויסנדיקע סביבה, און עס זענען פאַרשוווּנדן די פריערדיקע סיבות פון דער רעאַקציע. דורך דערדאָזיקער אינערטקייט פון דער געשלעכטלעכער דאָמינאַנטע דערקלערט זיך, פאַרוואָס זי ווערט נישט אויסגעלאָשן אינגאַנצן אַפילו נאָך דער געשלעכטלעכער באַפרידיקונג; צייטווייליק ווערט זי אפשר אַרויסגעשטויסן דורך אַנדערע דאָמינאַנטן, זי גייט-אַריבער אין אַ פאַרבאַהאַלטענעם צושטאַנד, אָבער אין דער נאָענטסטער צייט לעבט זי ווידער אויף מיט דער פריערדיקער און אפשר אַפילו מיט אַ נאָך גרעסערער קראַפט.

די איבערגעלעבטע דאָמינאַנטן לאָזן-איבער אין נערוון-סיסטעם אַ טיפע שפּור, וועלכע ס'איז כּמעט ווי אוממעגלעך צו פאַרטיליקן. מחמת דעם פאַרבלייבט אָפט דאָס געשלעכטלעכע געפיל חדשים-לאַנג ביי יחידים, נאָך דעם ווי מען האָט ביי זיי אָפּעראַטיוו באַזייטיקט די געשלעכטלעכע דריזן און בכן אויס-געשלאָסן אַלע ווירקונגען פון דער געשלעכטלעכער ספערע. עס זענען אָבער פאַרבליבן שפּורן פון דער געשלעכטלעכער דאָמינאַנטע, און זי קאָן פונסניי אויפלעבן אונטער דער ווירקונג פון אַנדערע אויפרייצונגען.

דידאָזיקע אינערטקייט פון דער געשלעכטלעכער דאָמינאַנטע דערקלערט אויך די געשלעכטלעכע שטימונגען פון פרויען, וואָס

האָבן שוין לאַנג איבערגעלעבט דעם קלימאַקטעריש̈ן עלטער. זייערע אייערשטאָקן האָבן שוין באַוויזן זיך צו פאַרוואַנדלען אין פאַרבינדונגס-געוועביקע קנוילן, אַלע איבריקע טיילן פון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט האָבן דורכגעמאַכט אַ צוריק-אַנטוויקלונג (עס זענען אַפילו פאַרשטאָפּט געוואָרן די איי-פירער), און פונדעסטוועגן רופט זיך פון צייט צו צייט אָפּ די געשלעכטלעכע דאָמינאַנטע. אַ דאַנק איר אינערטקייט, אַ דאַנק אירע שפּורן, וואָס זענען פאַרבליבן אין מאַרך, פילן זיך נאָך ווי פרויען גרייז-גרויע זקנות, זיי קאָקעטירן און פוצן זיך, ווייזן-אַרויס אַ געוויסן אינטערעס צום סעקסועלן געביט און האָבן אַפילו עראָטישע חלומות.

עס וואָלט געווען פאַלש זיך פאָרצושטעלן די דאָמינאַנטע ווי אַ פעסט באַשטימטע אָפּטיילונג פון מאַרך, וואָס ווערט פאַרכאַפּט דורך אַ פאַשטאַרקטער אויפרעגונג. לויט די פאָרשטעלונגען פון אוכטאָמסקי איז די דאָמינאַנטע אויף דער העכסטער שטופע פון איר אַנטוויקלונג אַ קאָמפּלעקס פון באַשטימטע צושטאַנדן אין גאַנצן קערפּער, ד. ה., אין די מוסקלען, אין די סעקרעט-אָרגאַנען און אין דעם סיסטעם פון די געפעסן. דערפאַר צעשפּרייט זיך די מאַכט פון דער געשלעכטלעכער דאָמינאַנטע איבערן גאַנצן אָרגאַניזם; זי פאַרכאַפּט אים אין גאַנצן, גיט אים צו אַ געשלעכטלעכע נייגונג און שטויסט אים צו געשלעכטלעכע צילן; זי פאַרווירקלעכט דאָס, וואָס מען קאָן געוויינלעך אָנרופן „דיקטאַטור פון געשלעכט" אין אָרגאַניזם.

די באַציִונג פון דער קאָרע פון קאָפּ-מאַרך צו די געשלעכטלעכע אָרגאַנען איז שוין באַמערקט געוואָרן דורך אַ סך געלערנטע. אַזוי האָט טשעני (1921) באַוויזן, אַז נאָך דער פאַרקריפּלונג פון קאָפּ-מאַרך ווערן ביי ערן און זיען אַטראָפירט די געשלעכטלעכע דריזן, און עס ווערט אָפּגעשוואַכט זייער אינקרעציע און סעקרעציע. דערפון האָט ער געדרונגען, אַז אין קאָפּ-מאַרך דאַרף זיך געפינען אַ צענטער, וועלכער רייצט-אויף די דערמאָנטע פונקציע; ביזאיצט האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן גענויער פעסטצושטעלן, ווו דער צענטער געפינט זיך. אַנדערע פאָרשער זאָגן זיך אַרויס באַשטימטער וועגן אָרט, ווו ס'געפינט זיך דער

צענטער פון אינעווייניקסטער געשלעכטלעכער סעקרעציע, — דאָס זאָל זיין דער צווישן-מאַרך. יעדנפאַלס קאָן מען האַלטן פאַר פעסטגעשטעלט, אַז די געשלעכטלעכע ספערע און די פאַרשידענע צענטרען פון נערוון-סיסטעם מיט די העכסטע צענטרען בתוכם האָבן צווישן זיך אַן ענגן צובונד און סאַמע קאָמפּליצירטע באַציִונגען.

אַ דאַנק דעם, וואָס די געשלעכטלעכע דריזן פלעכטן זיך אַריין דורך זייער אינקרעציע אין דער גאַנצער לעבנס-טעטיקייט פון אָרגאַניזם, קאָן דער מענטש נישט אַרויסגיין און ער האָט נישט וווּהין אַרויסצוגיין פון אונטער דעם געשלעכטס מאַכט. דער געשלעכטלעכער אַפּאַראַט, וועמענס אויפגאַבן עס גייען, אייגנטלעך, אַרויס ווייט אויסער די גרענעצן פון אינדיווידועלן לעבן, איז גלייכצייטיק אַזוי איינגעאָרדנט, אַז ער שטעלט-פאָר די וויכטיקסטע פיזיאָלאָגישע שפרינג-פעדער פון מענטשלעכן זיין.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז וועדליג דער אינעווייניקסטער סעקרעציע פון די געשלעכטלעכע דריזן קאָנען אַלע מענטשן צעטיילט ווערן אויף צוויי טיפּן, פאַרבונדענע צווישן זיך דורך פילצאָליקע איבערגאַנגן. ביי איין טיפּ מענטשן איז די געשלעכט-לעכע אינקרעציע שטאַרק אַנטוויקלט. יחידים פון דעם טיפּ זענען „מענלעך" אָדער „ווייבלעך", פיזיש שטאַרק, מונטער, גוט געשטימט און סעקסועל געזונט. זיי לעבן צומייסט לאַנג, ווערן שפּעט אַלט, האָבן אַ גוט אויסגעדריקטע אינדיווידועלקייט, זענען שטאַרק אין לעבנס-קאַמף און שטעלן מיט זיך פאָר בכלל אין ביאָלאָגישער הינזיכט פולקומע באַשעפענישן. פון דער אַנדערער זייט טרעפן זיך מענטשן מיט אַן איינגעבוירענער שוואַכער אַנטוויקלונג פון די געשלעכטלעכע דריזן; אין זייער בלוט פעלן געשלעכטלעכע האָרמאָנען, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זענען ביי זיי שוואַך אַנטוויקלט די סעקונדערע געשלעכטלעכע סימנים. ביי מאַנסבילן פון דעם טיפּ וואַקסן שלעכט די באָרד און די וואָנצעס, די ביינער זענען שוואַך אַנטוויקלט, די מוסקלען זענען אָפּגעלאָזן און נישט גענוג שטייף; פרויען פון דעמזעלביקן טיפּ האָבן אַ שמאָלן בעקן, קליינע בריסטן, נישט קיין שיינעם און

-ישט-פּראָפּאָרציאָנעל אַנטוויקלטן קערפּער; אַחוץ דעם זענען ביי זיי שוואַך אַנטוויקלט בכלל אַלע ווייבלעכע שטריכן.

מיט זייער אויסערלעכן אויסזען זענען אַזעלכע מענטשן מיט אַ שוואַכער געשלעכטלעכער אינקרעציע אַ ביסל ענלעך צו קאַסטראַטן אָדער איינוכן. דערפאַר רופט מען זיי אָן איינוכאָידן און מען רעדט וועגן אַן איינוכאָידאַלן טיפּ, אָדער וועגן אַן איינוכאָידאַלן קערפּער-בוי.

פאַר מאַנסבילן און פרויען פון דעם טיפּ איז כאַראַקטעריסטיש, ווי מיר האָבן געזען, שוואַכקייט און אָפּהענטיקייט. די שטימונג איז ביי זיי צומייסט אַ געדריקטע; דאָס זענען קלאָג-מוטערס, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אין לעבן און דעם ווילן צו קעמפן פאַר אַן אָרט אויף דער ערד. זייער אינדיווידועלקייט איז נישט בולט אויסגעדריקט; די געשלעכטלעכקייט איז שוואַך און אָפּט פעלט זי אינגאַנצן. אַזעלכע מענטשן ווערן פרי אַלט, קרענקען לייכט, גיבן אַ גרויסן פּראָצענט זעלבסטמערדער און גייסטיק-קראַנקע, און שטאַרבן פריצייטיק.

פאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך אין דער ספּעציעלער מעדיצינישער און אַנטראָפּאָלאָגישער ליטעראַטור אָנגעקליבן אַ גרויסער מאַטעריאַל, וועלכער באַווייזט, אַז אַפילו אַ טיילווייזע באַפרייונג פון דער מאַכט פון געשלעכט איז אומבאַדינגט פאַרבונדן מיט אַ ביאָלאָגישער אָפּשוואַכונג פון „באַפרייטן" יחיד. צווישן דעם „לעבנס-טאָנוס", ד. ה„ דער אינטערסיוקייט פון די לעבנס-פּראָצעסן ביי אַ יחיד און דעם אַנטוויקלונגס-כאַראַקטער פון זיין געשלעכטלעכן אַפּאַראַט, און דער עיקר פון זיינע געשלעכטלעכע דריזן, באַשטייט אַ דירעקטע און אַ גאָר נאָענטע פאַרבינדונג.

די אָנצאָליקע אונטערזוכונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אויף דעם געביט פאַר די לעצטע יאָרן, איבערצייגן אַלץ מערער און מערער די געלערנטע, וואָס פאַר אַן ערשט-קלאַסיקע באַדייטונג עס האָבן די געשלעכטלעכע האָרמאָנען פאַרן לעבעדיקן קערפּער. אַזוי-אַרום וואָרט אויך אויפגעקלערט אַ פאַקט, וואָס איז שוין לאַנג באַקאַנט פון דער אַנאַטאָמיע: ביי די געשלעכטלעכע דריזן איז גרעסער ווי ביי אַנדערע דריזן דאָס פאַרהעלטעניש

צװישן זייער װאָג און דעם אומקרייז פון די געפעסן, װאָס שפּייזן דעמדאָזיקן אָרגאַן. לױט די אונטערזוכונגען פון ג י ק י פ אָ ר אָ װ ו פאַר מענטשן אין עלטער פון 20 ביז 50 יאָר האָבן די געפעסן, װאָס ברענגען בלוט צו די מענטשלעכע אָרגאַנען, פאָלגנדיקע פאַרהעלטנישמעסיקע גרייס פון אומקרייז:

| | |
|---|---|
| געשלעכטלעכע דריזן | 10,00 |
| האַרץ | 3,42 |
| נירן | 3,14 |
| מילץ | 3,00 |
| לונגען | 2,52 |
| לעבער | 1,88 |
| מאַרך | 1,56 |
| דאַרם | 1,25 |

די פאַרהעלטנישמעסיקע גרייס פון די געפעסן, װאָס פירן צו די געשלעכטלעכע דריזן, איז די גרעסטע אין פאַרגלייך מיט די געפעסן פון אַלע אַנדערע אָרגאַנען און אַפילו פון מאַרך. צוליב דער װיכטיקייט פון די האָרמאָנען פאַרן קערפּער האָט מען געמוזט פאַרזיכערן זייער פאַרשפּרייטונג איבער אַלע געװעבן דורך צוגעפּאַסטע און גענוג ברייטע װעגן. דאָס אַלץ דערװייזט בלױז נאָך אַ מאָל, אַז אין דער געשלעכטלעכער אינ-קרעציע דאַרפן מיר זען אַ מעכטיקע פיזיאָלאָגישע קראַפט, װעלכע איז פריער נישט גענומען געװאָרן אין באַטראַכט דורך דער װיסנשאַפט; זי װירקט אין לעבעדיקן אָרגאַניזם, און פון איר הענגען-אָפּ אַ סך װיכטיקסטע באַזונדערקייטן זיינע.

דידאָזיקע פיזיאָלאָגישע קראַפט הייבט-אָן צו װירקן שוין בעתן עמבריאָנאַלן פעריאָד, װען ס'איז נאָך קוים אָנגעמערקט דאָס געשלעכט פון דעם יחיד. זי װערט שטאַרקער, װען דער יחיד גייט-אַרױס פון דער מוטערס טראַכט; און זי װיקלט זיך פאַנאַנדער אין איר גאַנצער קראַפט צום מאָמענט, װען דער יחיד װערט געשלעכטלעך רייף.

דעמאָלט דרינגט זי הערשעריש אַריין אין דער גאַנצער

לעבנס-טעטיקייט פון אָרגאַניזם און פאַרשקלאַפּט פאַר זיך אַלץ, וואָס געשעט אין קערפּער. אין פּאַטאָלאָגישע פאַלן, צ. ב., בעת עס ווערן קראַנק די געוועבן פון די געשלעכטלעכע דריזן, קאָן דידאָזיקע פאַרשטאַרקטע געשלעכטלעכע אינקרעציע זיך אָנהייבן נאָך פריער, למשל, אויפן פערטן אָדער אויפן פינפטן לעבנס-יאָר. דעמאָלט באַווייזט זיך אין אַן עפעקטפולער פאָרם די גרויסע מאַכט פון די געשלעכטלעכע האָרמאָנען איבערן קערפּער. אונטער דער ווירקונג פון שטאַרקער געשלעכטלעכער אינקרעציע פאַר-וואַנדלט זיך דאָס קינד אין אַ דערוואַקסענעם ליליפּוט. דער קליינינטשקער קערפּער פון ייִנגל באַקומט די פאָרמען פון אַ דער-וואַקסענעם מאַנסביל, די הויט באַדעקט זיך מיט האָר, ס׳וואַקסן-אויס באָרד און וואָנצעס, די שטימע ווערט גרעבער, עס פאַר-גרעסערן זיך די אויסנווייניקסטע געשלעכטלעכע אָרגאַנען און ס׳באַווייזט זיך אַפילו דער געשלעכטלעכער דראַנג. ביי קליינע מיידעלעך וואַקסן-אויס בריסטן און עס באַווייזט זיך יענע ווייכקייט און צאַרטקייט פון די קערפּער-ליניען, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דערוואַקסענע פרויען. די אויסנווייניקסטע געשלעכטלעכע אָרגאַנען פאַרגרעסערן זיך שטאַרק און באַדעקן זיך מיט האָר. עס הייבן זיך אָן די מאָנאַטלעכע און עס באַווייזן זיך די קאָקעטישע מאַנירן פון אַ דערוואַקסענער פרוי. דאָס זאָגט עדות וועגן אַ פריצייטיקער ערואָטיזירונג פון מאַרך דורך די האָרמאָנען.

אין אייניקע פאַלן האָט זיך דורך אַן אַנטשפּרעכנדיקער מעדיצינישער אַריינמישונג איינגעגעבן צו באַזייטיקן די סיבה פון דער פריצייטיקער געשלעכטלעכער רייפקייט. דעמאָלט פלעגט נאָכן באַזייטיקן די איבערפליסיקע געשלעכטלעכע האָרמאָנען פונם בלוט, פאָרקומען אַ פאַרקערטע פאַרוואַנדלונג פון אַ דער-וואַקסענעם מענטש אין אַ קינד, און ס׳פלעגט פאַרשווינדן דער פיזיאָלאָגישער אַנאַכראָניזם.

פון אַלעם דעם, וואָס איז ביזאיצט געזאָגט געוואָרן, קאָן מען אַרויסזען, אַז די געשלעכטלעכע אינקרעציע איז אַ ריזיקע קראַפט, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיטן פאַרמערונגס-פּראָצעס, מיט דער „מאַכט פון געשלעכט״. זי גיט עס דעם לעבעדיקן

אָרגאַניזם יענע „לעבנס־שפּאַנונג“, יענע „לעבנס־פרייד“, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ געזונטן, יונגן קערפּער. אַ דאַנק איר באַוועגן זיך מיט קראַפט זיינע מוסקלען, עס קלאַפּט גלייכ־מעסיק און קלאָר זיין האַרץ, עס הייבט זיך הויך זיין ברוסט, און ס'ווערט גלענצנד פאַרדייט די שפּייז. פון איר שטאַמט און ס'איז מיט איר פאַרבונדן אַלץ, וואָס איז נאָר פאַראַן ווערטפולס אין יונגן קערפּער און אין דער יונגער „נשמה“. דער אַקטיווסטער און שעפערישסטער פעריאָד פון מענטשלעכן לעבן געפינט זיך אונטערן צייכן פון אָט דער פיזיאָלאָגישער קראַפט, וואָס ווערט געבוירן דורך די געשלעכטלעכע דריזן.

אָבער יאָרן פאַרגייען, לאַנגזאַם און אומאויפהערלעך ווערט דידאָזיקע קראַפט אַלץ קלענער און קלענער. אַלץ ווייניקער האָרמאָנען קומען־אַריין פון די געשלעכטלעכע דריזן אין בלוט, און בהדרגה פאַרוועלקט אויך דער געשלעכטלעכער אַפּאַראַט. גלייכצייטיק פאַלט־אַרויס פון קערפּער־מעכאַניזם יענס „שרייפל“, וואָס איז געוועזן נויטיק פאַר זיין פינקטלעכער טעטיקייט. ס'ווערט שוואַכער די יוגנטלעכע שפּאַנונג פון קערפּער, נישט ווי ס'באַדאַרף צו זיין אַרבעט דאָס האַרץ, עס וועלקן די מוסקלען, ס'ווערט קנייטשיק די הויט, שוואַכער דער שכל, און ס'לעשט זיך אויס די נשמה. און וואָס מערער די אָרגאַנען פון קערפּער באַפרייען זיך פון יענע „געהיימע זאַפטן“, וועלכע קומען־אַריין פון די געשלעכטלעכע דריזן אין בלוט, אַלץ שטאַרקער ווערן זיי אַרומ־גענומען דורך דער מאַכט פון אַן אַנדערער קראַפט, אַ צעשטערערישער, וואָס רופט זיך אַן — טויט.

מיר זעען בכן, אַז דער מענטש קאָן זיך נישט באַפרייען פון דער מאַכט פון געשלעכט, ווייל אויסערן געשלעכט איז נישטאָ קיין געזונטהייט, און נאָך מערער — ס'איז נישטאָ קיין לעבן.

---

## III

**דיפערענצירונג פון די געשלעכטער ביים מענטש. — אנטוויקלונג פון געשלעכט ביי לעבעדיקע באַשע־פעניש. — אַרבעטס־פּאַרטיילונג צווישן די געשלעכ־טער ביי דער פּאַרמערונג און נישט־גלייכמעסיקע ביאָלאָגישע באַלאַסטונג פון דער פרוי. — גלייכווער־טיקייט פון מענלעכן און ווייבלעכן קערפּער.**

מיר ווייסן נישט פון מענטשן בכלל, פון מענטשן „an und für sich", ווי עס זאָגן די דייטשן; מיר קאָנען בלויז מאַנסבילן און פרויען. גראָד ביים מענטשן איז די דיפערענצירונג פון געשלעכטער דערגאַנגען צו איר העכסטער מדרגה, און די געשלעכטלעכע אונטערשידן פאַרשפּרייטן זיך ביי אים אויפן גאַנצן קערפּער.

ביי נידעריקערע בעלי־חיים, ביי די איינפאַכסטע באַשטייט דער קערפּער פון איין העכסט דיפערענצירטן קעמערל; ריכטיקער וועט אפשר זיין צו זאָגן, אַז זייער קערפּער איז נישט געבויט פון קעמערלעך. ביי אַזעלכע איינפאַכסטע בעלי־חיים זענען נישטאָ קיין געשלעכטלעכע אונטערשידן. אויף דעמדאָזיקן פּרימיטיוון לעבנס־שטאַפּל באַהעפטן זיך אינגאַנצן גלייכע יחידים, און בעתן געשלעכטלעכן אַקט בייטן זיי זיך מיטן אינהאַלט פון זייער קערפּער. אמת, אויך ביי אייניקע אינפוזאָריען קאָן מען באַמערקן אַ קליינעם אונטערשיד צווישן די יחידים, וואָס באַהעפטן זיך, אָבער אין אַלגעמיינעם קאָן מען זאָגן, אַז ביי די איינפאַכסטע איז נישטאָ קיין איינטיילונג אויף צוויי געשלעכטער.

קאָמפּליצירטער איז שוין דער פּאַרמערונגס־פּראָצעס ביי

נידעריקערע פילקעמערלדיקע לעבעדיקע באַשעפענישן. אין איינ־פאַכסטן פאַל איז דאָ איטלעך קעמערל פון פילקעמערלדיקן אָרגאַניזם בכוח זיך צו פאַרמערן, ד. ה., צו שאַפן דעם גאַנצן קערפּער פון דעם פילקעמערלדיקן באַשעפעניש. דאָ זענען בכן נישטאָ קיין געשלעכטלעכע קעמערלעך אין פולן זין פון וואָרט, אָדער ריכטיקער — איטלעך קעמערל פון קערפּער איז פעיק ביי געוויסע באַדינגונגען זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ געשלעכטלעך קעמערל.

בעת דער ווייטערדיקער פאַרקאָמפּליצירונג פון קערפּער־בוי ביי די פילקעמערלדיקע בעלי־חיים, ווערט די אַרבעט פאַרטיילט צווישן פאַרשידענע מינים קעמערלעך. בלויז אַ טייל קעמערלעך האָט איצט די פעיקייט זיך צו פאַרמערן, די איבריקע קאָנען נישט שאַפן קיין נייעם פילקעמערלדיקן אָרגאַניזם.

דער גאַנצער לעבעדיקער שטאָף פון אַזאַ אָרגאַניזם צעפאַלט אויף געשלעכטלעכע פלאַזמע (לויט וויסמאַנען, „עמבריאָנאַלע פלאַזמע”), וועלכע דינט פאַר די צוועקן פון פאַרמע־רונג, און קערפּער־פלאַזמע („סאָמאַ”, לויט וויסמאַנען), וועלכע בילדעט דעם לעבנס־יסוד פון יחיד גופא. די אינדיווי־דואַליזירטע עלעמענטן פון דער געשלעכטלעכער פלאַזמע, וועלכע טראָגן־אַריבער בירושה אייגנשאַפטן און דאַרפן דורך קעגנזייטיקער באַהעפטונג שאַפן אַ נייעם יחיד (פּראָצעס פון באַפרוכפערונג), ווערן אָנגערופען גאַמעטן אָדער געשלעכטלעכע קעמערלעך. כדי ס׳זאָל אויפקומען אַ ניי לעבעדיק באַשעפעניש, דאַרפן די גאַמעטן זיך באַגעגענען און זיך צונויפגיסן. כדי אויסצופירן זייער אויפגאַבע — אַריבערטראָגן בירושה אייגנשאַפטן און אַריינ־נעמען אין זיך אַלע סימנים פון גאַנצן אָרגאַניזם — האָבן די גאַמעטן געמוזט באַקומען זייערע אייגענע שטריכן און אַלץ בולטער און בולטער זיך אונטערשיידן פון די סאָמאַטישע עלעמענטן. גלייכצייטיק האָט וואָס־נישט־איז געדאַרפט פאַרזיכערן די באַגעגעניש פון די געשלעכטלעכע קעמערלעך. ווי אַ מיטל צו פאַרווירקלעכן אָט די באַגעגעניש אַנטוויקלט זיך ביי די גאַמעטן די אייגנשאַפט זיך אַליין צו באַוועגן. צוויי גלייך באַוועגלעכע

עלעמענטן מיט גלייכע אויסמעסטונגען האָבן אָבער אַ סך קלענערע שאַנסן זיך צו באַגעגענען, איידער איין גרעסערער און ווייניקער באַוועגלעכער אָדער אַפּילו אינגאַנצן אומבאַוועגלעכער עלעמענט מיט אַן אַנדערן, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ גרעסערער באַוועגלעכקייט. מחמת דעם קומט־אויף אַן אונטערשיד צווישן די געשלעכטלעכע קעמערלעך, און עס אַנטשטייען די באַוועגלעכע מענלעכע גאַמעטע, פון וועלכער ס'האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט דער ספּערמאַטאָזאָיד אָדער דאָס זרע־פּעדימל, און די אומבאַוועגלעכע גרויסע ווייבלעכע גאַמעטע, דאָס צוקונפטיקע איי־קעמערל.

אַזוי־אַרום האָט זיך אויף די ערשטע שטאַפּלען פון דעם וואָלאָגישן לייטער אָנגעמערקט די ערשטע דיפערענצירונג פון די געשלעכטער, וועלכע האָט פון אָנהייב געהאַט אַ שייכות בלויז צו די גאַמעטן. די סאָמאַטישע קעמערלעך זענען געבליבן די־זעלביקע ביי ביידע געשלעכטער. ביי דער ווייטערדיקער פילאָ־גענעטישער אַנטוויקלונג ווערט אַריינגעצויגן אינם פאַרמערונגס־פּראָצעס אויך אַ טייל פון די סאָמאַטישע קעמערלעך. אַ טייל געוועבן רינגלט־אַרום די גאַמעטן, שפּייזט זיי און בילדעט דעם יסוד, אויף וועלכן זיי שטיצן זיך. אַזוי ווי די גאַמעטן זענען פאַרשידן, ווערן פאַרשידן ביי ביידע געשלעכטער אויך דידאָזיקע געוועבן, וועלכע פּאַסן זיך צו צו דער פאָרם און צו די באַזונדערקייטן פון די געשלעכטלעכע קעמערלעך. די קאָמפּלעקסן קעמערלעך, וועלכע זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין פאַרמערונגס־פּראָצעס, האָבן באַקומען דעם נאָמען געשלעכטלעכע דריזן (זוימען־דריזן ביי ערן און אייערשטאָקן ביי זיען). מיט דער צייט ווערט קאָמפּליצירט די אָרגאַניזאַציע פון בעל־חי און גלייכצייטיק פאַרקאָמפּליצירט זיך אויך דער פאַרמערונגס־פּראָצעס. אין אָרגאַ־ניזם באַווייזן זיך אַ ריי אָרגאַנען, וואָס שיצן די גאַמעטן, פאַרזיכערן זייער רייף־ווערן און זייער באַגעגעניש בעתן באַ־פרוכפּערונגס־אַקט, שפּייזן און שאַפן פּאַסיקע באַדינגונגען פאַרן פּראָדוקט פון דער באַפרוכפּערונג — פאַרן עמבריאָן א. א. וו.; אַזוי־אַרום פאַרשפּרייטן זיך די געשלעכטלעכע אונטערשידן אויף אַן אַלץ גרעסערער צאָל סאָמאַטישע עלעמענטן, און אַחוץ די

פרימערע געשלעכטלעכע באַזונדערקייטן באַווייזן זיך שוין סעקונדערע געשלעכטלעכע אונטערשידן.

ביי העכערע בעלי-חיים און ביי מענטשן ווערן דורך דער פאַרמיטלונג פון געשלעכטלעכע האָרמאָנען און נערוון אַריינגעצויגן אין פאַרמערונגס-פּראָצעס שיער נישט אַלע געוועבן און קעמערלעך פון קערפּער. דער אָרגאַניזם פון מאַנסביל איז דורכאויס אַן אַנדערער ווי דער אָרגאַניזם פון דער פרוי. ביים מאַנסביל אַנטוויקלען זיך אַלע אָרגאַנען און געוועבן אונטערן איינפלוס פון מענלעכע האָרמאָנען, און ביי דער פרוי — אונטערן איינפלוס פון ווייבלעכע.

וואָס העכער אַ יחיד געפינט זיך אויפן זאָאָלאָגישן לייטער, אַלץ בולטער ווערט די אַרבעט פאַרטיילט צווישןביידע געשלעכטער אין פּראָצעס פון געשלעכטלעכער פאַרמערונג. דער עיקר פון אָט דעם פּראָצעס איז די צונויפגיסונג פון די גאַמעטן, ד. ה., פון איי-קעמערל מיטן ספּערמאַטאָזאָיד. בעת דער צונויפגיסונג פאַרייניקן זיך די סימנים און אייגנשאַפטן פון די עלטערן. אין באַפרוכפערונגס-פּראָצעס גופא, ד. ה., אין דעם צונויפגיסן זיך פון איי-קעמערל און ספּערמאַטאָזאָיד, נעמען ביידע געשלעכטער, ד. ה., דער מאַנסביל און די פרוי אַ גלייכן אָנטייל. ביים אויסבילדן דעם טייל פון באַפרוכפערטן איי-קעמערל אָדער שפּעטערדיקן עמבריאָן, דורך וועלכן עס גייען-אַריבער בירושה די אייגנשאַפטן פון די עלטערן, באַטייליקן זיך מיט פולקום גלייכע סכומים מאַטעריעלער סובסטאַנץ סיי דער מאַנסביל, סיי די פרוי. בלויז אין דעם, אמת זייער וויכטיקן, אָבער אויך זייער קורצן מאָמענט פון דער געשלעכטלעכער פאַרמערונג באַמערקט זיך אַן אמתע גלייכקייט פון די געשלעכטער. אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, האָט די נאַטור בלויז דאָ יושרדיק פאַרטיילט די פליכטן צווישן מאַנסביל און פרוי. דער ביאָלאָגישער אָנטייל פון מאַנסביל איז אָבער דערמיט שוין פאַרענדיקט. געזעצן, סאָציאַלע סביבה און אַ סך אַנדערע מאָטיוון צווינגען אים צו זאָרגן וועגן זיינע קינדער און אַפילו צו ברענגען אין אייניקע פאַלן זיך פאַר אַ קרבן. דאָס איז אָבער לחלוטין נישט דאָסזעלביקע וואָס אַ באַפעל פון

דער נאַטור. און גראָד מיט דער נאַטור האָט דער מאַנסביל שוין אינגאַנצן רעגולירט זיינע חשבונות. פון ווייטערדיקן אָנטייל אין פאַרמערונגס-פּראָצעס איז דער מאַנסביל ביאָלאָגיש אינגאַנצן פריי. ער האָט אויסגעאַרבעט זיין פּאָרציע גאַמעטן; אַלע זיינע קערפּערלעכע און גייסטיקע כּוחות זענען צייטווייליק מאָביליזירט געוואָרן, כּדי דידאָזיקע גאַמעטן זאָלן דערגרייכן צום ציל און זיך באַגעגענען מיט די ווייבלעכע גאַמעטן; דידאָזיקע מאָביליזירונג איז אָבער געווען זייער קורץ אין פאַרגלייך דערמיט, וואָס עס האָט נאָך אויפצוטון די פרוי. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויך אָט דאָס קורצע דינען דעם שאָפּענהויערישן „גאָט פון מין" קאָן האָבן וויכטיקע רעזולטאַטן און אַרויסרופן אַלערליי קאָמפּליקטן. ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, איז דאָס אַ מקור פון אַ ביאָלאָגישער טראַגעדיע אין אַ געוויסן זין: אַ הויך אַנטוויקלטער יחיד ווערט דאָ פאַרנאַרט, ער פאַלט ווי אַ קרבן פון אַ פיזיאָלאָגישער אילוזיע און דינט שקלאַפיש צו אַ ציל, וואָס גייט אים ווי אַ יחיד אינ-גאַנצן נישט אָן. דאָס זענען אָבער קלייניקייטן אין פאַרגלייך מיטן גורל פון דער פרוי. מיר וועלן זען שפּעטער, אַז די פיזיאָלאָגישע אויפגאַבע פון אויסאַרבעטן ווייבלעכע גאַמעטן לייגט-אַרויף איר שטעמפּל אויפן גאַנצן אָרגאַניזם פון דער פרוי און ציט פעריאָדיש אַריין איר גאַנצן קערפּער אין דעמדאָזיקן צוגרייטונגס-פּראָצעס. דערנאָך ווידער, בעת די גאַמעטן האָבן זיך שוין באַגעגנט, און דער מאַנסביל איז געוואָרן ביאָלאָגיש נישט-נויטיק, הייבט זיך ערשט אָן פאַרן ווייבלעכן אָרגאַניזם אַ לאַנגער און נודנער פיזיאָלאָגישער פּראָצעס. די פרוי מוז נעמען אויף זיך די גאַנצע ווייטערדיקע זאָרג וועגן דעם פּראָדוקט פון די צונויפגעגאָסענע גאַמעטן, ד. ה. וועגן דער נייער שפּראָצונג פון לעבן. אין משך פון דער ניין-חדשימדיקער אַנטוויקלונג מוז די פרוי פאַרשאַפן פאַרן עמבריאָן גינסטיקע באַדינגונגען, אומ-אָפּהענגיק פון דער אַרומיקער סביבה, וועלכע האַלט אין איין בייטן זיך. ווייניק, וואָס די פרוי ווערט, פּונקט ווי דער מאַנסביל, אַ קרבן פון אַ פיזיאָלאָגישער אילוזיע, וואָס די נאַטור „כאַפּט" איר אויף איר „וועגטקע"; חוץ דעם מוז די פרוי נאָך צאָלן דערפאַר

מיט אַ לאַנגן און פּילזייטיקן דינען דעם „גאָט פון מין". צוליב דעמדאָזיקן דינען מוז איבערגעבויט ווערן דער גאַנצער אָרגאַניזם פון דער פּרוי אויף נייע יסודות, אינגאַנצן נישט ענלעכע צו די יסודות, וואָס זענען געווען פאַרן צונויפגיסן זיך פון די גאַמעטן. דער כּלל, וועלכער קירעוועט מיט דעררדאָזיקער פיזיאָלאָגישער צעברעכונג און איבערבויאונג פון אָרגאַניזם, פאַרדינט בלויז איין באַצייכענונג — „גרויזאַמער". די נאַטור שטעלט-איין אין ווייבלעכן קערפּער אַן אומברחמנותדיקע דיקטאַטור פון וואַקסנדיקן עמבריאָן, זי קאָנצענטרירט אַלע כּוחות פון דער פרוי כּדי אָפּצוהיטן דעמדאָזיקן קליינעם און נייעם קנויל לעבעדיקן שטאָף און זי פאָדערט אומברחמנותדיק, אַז אַלע אָרגאַנען און געוועבן פון דער מוטער זאָלן זיך פולקום מקריב זיין פאַר אים.

אַלץ פאַרן עמבריאָן, פאַרן „גאָט פון מין", און פאַר דער מוטער בלויז איבלקייט, צאָן-ווייטיק און אַנדערע פיזיאָלאָגישע אָנשיקענישן. אַפילו נאָכן בייקומען אָט די אַלע פיזיאָלאָגישע איבערקערענישן אין אָרגאַניזם (מיר וועלן וועגן זיי אויספירלעך רעדן שפּעטער), באַפרייט זיך נאָך נישט די פרוי פון איר שווערן דינען. בעת ס'ענדיקט זיך דער ניין-חדשימדיקער פיזיאָלאָגישער אַלטרויִזם פון דער פרוי, מוז זי נאָך אַרויסגעבן אויף אין דרויסן די פּרוכט, ד. ה., געבוירן זי, און דערנאָך האָדעווען אין משך פון עטלעכע חדשים מיטן לעבעדיקן שטאָף פון אירע מילך-דריזן.

די געבורט ווערט אָפט אָנגערופן — פיזיאָלאָגישער פּראָצעס; פאַר יעדערן, וואָס האָט וועלכע-נישט-איז פאָרשטעלונג וועגן דעמדאָזיקן אַקט, איז אָבער קלאָר, אַז אַזאַ באַצייכענונג איז לחלוטין נישט צוגעפּאַסט. אויב מען קאָן רעדן וועגן אַ „פיזיאָלאָגישער" געבורט (ס'איז מעגלעך אויך אַ פּאַטאָלאָגישע געבורט), וואָלט פונדעסטוועגן ריכטיקער געווען דידאָזיקע דערשיינונג ביים מענטש צו באַצייכענען מיט אַן אַנדערן אויסדרוק און אָנצורופן זי „פיזיאָלאָגישע קאַטאַסטראָפע". דאָס אָטעמען, די בלוט-צירקולאַציע, די פאַרדייונג זענען פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן, און מיטן זעלביקן וואָרט איז נישט באַקוועם צו באַצייכענען די

געבורט, ווען די מענטשלעכע פרוכט גייט-אַרויס פון דער מוטערס קערפּער. נאָך דער געבורט שטעלט מיט זיך פאָר די גאַנצע אינעווייניקסטע איבערפלאַך פון דער געבויר-מוטער איין גרויסע ווונד, און אַפילו אין פאַל פון אַן אינגאַנצן נאָרמאַלער און גינסטיקער געבורט, איז דאָס אַליין אַ „ביאָלאָגישע קאַטאַסטראָפע", וואָס טרייסלט-אויף דעם גאַנצן אָרגאַניזם. זי פאָדערט אַ גאַנצע ריי רעסטאַווריררונגס-פּראָצעסן אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן, און אין משך פון דערדאָזיקער צייט, כל זמן אין אָרגאַניזם האָט זיך נאָך נישט אַלץ איינגעלייגט און איבערגעבויט פונדאָסניי, פאַרבלייבט נישט נאָרמאַל דער ביאָלאָגישער יסוד פון אינדיווידועלן לעבן. נאָר אַפילו מיט דערדאָזיקער „קאַטאַסטראָפע" פאַרענדיקט זיך נאָך נישט יענע קייט פון פיזיאָלאָגישע געשעענישן, וועלכע ציט זיך זינט דער באַגעגעניש פון דער ווייבלעכער גאַמעטע מיט דער מענלעכער. איצט הויבט זיך אָן דער פעריאָד פון לאַקטאַציע, ד. ה., פון אויסשיידן מילך. מיר וועלן שפּעטער זען, אַז דערדאָזיקער, כלומרשט אַזוי נאַטירלעכער פּראָצעס איז אין דער ווירקלעכקייט פאַרבונדן מיט קרבנות מצד דעם מוטערלעכן אָרגאַניזם. צוליב אים ווערט אויסגעבראַכט אַ פאַרהעלטנישמעסיק ריזיקער סכום ענערגיע, און די ענערגיע ווערט אויסגעגעבן נישט פאַרן יחיד, נאָר פאַר עפּעס, וואָס געפינט זיך שוין אויסער די גרענעצן פון זיין „איך".

די אויסשיידונג פון מילך איז ווידעראַמאָל אַ נייע פאָרם פון דער מוטערס „פיזאָלאָגישן אַלטרויזם". אַ ריי פון דער מוטערס אָרגאַנען דאַרפן צוגעפּאַסט ווערן צום אויספירן דידאָזיקע אויפגאַבע. ערשט נאָכן ברענגען אויך דעם לעצטן ביאָלאָגישן קרבן איז די פרוי פריי. אָבער נישט אויף לאַנג, ערשט ביז וואַנען זי וועט זיך ווידער נישט לאָזן כאַפּן אויף דערזעלביקער ווענטקע. אַזוי-אַרום האָט די נאַטור געהייסן דער פרוי דינען דעם „גאָט פון מין" אין משך פונם גאַנצן רייפן פעריאָד פון איר לעבן.

אמת, אין עלטער פון 45 — 50 יאָר פאַרענדיקן זיך די ביאָלאָגישע קאַטאַסטראָפעס, און ס'קומט דאָס אַזויגערופענע ק ל י-מ אַ ק ט ע ר י ו ם. נאָך אַן אינטענסיווער טעטיקייט לטובת דער „צוקונפט", אַ טעטיקייט, וואָס האָט קאָנצענטרירט אויף איין פּונקט אַלע

כוחות פון אָרגאַניזם, באַפרייט זיך די פרוי פון דער מאַכט פון געשלעכט און קאָן לעבן מיטן אייגענעם אינדיווידועלן לעבן. נאָר ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, איז אויסערן געשלעכט נישטאָ אויך קיין לעבן. מיטן אויסגעלאָשן ווערן פון געשלעכטלעכן לעבן הייבט-אָן צו וועלקן דער גאַנצער קערפּער. דאָס לעבן איז נאָכן קלימאַקטעריום, ווי מיר וועלן דאָס זען שפּעטער, אין ערגסטן פאַל אַ לאַנגע קייט פון ליידן, וועמענס קוואַל מען דאַרף זוכן אין פאַרשידענע מאָמענטן פון פריערדיקן געשלעכטלעכן לעבן, און אין בעסטן פאַל איז דאָס אַ טרויעריקע פאַרוועלקונג פון די פיזישע און גייסטיקע קרעפטן און אַ פאַמעלכע דערנענטערונג צום טויט. ביים מאַנסביל דויערט, געוויינלעך, די געשלעכטלעכע טעטיקייט ביזן טיפן עלטער; עס באַמערקט זיך אויך ביי אים אין פעריאָד פון אָפּגעשוואַכטער געשלעכטלעכער טעטיקייט אַן אַלגעמיינע שוואַכקייט פון קערפּער, און אייניקע מחברים ווילן זי אָנרופן „מענלעכעס קלימאַקטעריום". נאָר ווען אַפילו מען זאָל אָנערקענען אַ געוויסע ענלעכקייט פון מענלעכן און ווייבלעכן קלימאַקטעריום (דערמיט זענען, אגב, נישט מסכים אַ סך געלערנטע), קאָן מען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, לחלוטין נישט פאַרגלייכן די שווערקייט פון דידאָזיקע צוויי צושטאַנדן. ביים מאַנסביל גייט דערדאָזיקער צושטאַנד אַדורך אין די מייסטע פאַלן אינגאַנצן נישט באַמערקטערהייט, ביי דער פרוי איז דווקא דאָס קלימאַקטעריום אַן אָנהייב פון עלטערלעכע לייד און אַ גרויזאַמער אָנזאָג פון דעם נאָענטן טויט.

מיר זעען בכן, אַז די לאַסט פון דינען דעם „גאָט פון מין" איז פאַרטיילט העכסט נישט גלייכמעסיק צווישן מאַנסביל און פרוי. דער ביאָלאָגישער טראַגיזם פון מאַנסביל איז נישטיק אין פאַרגלייך מיט יענער ביאָלאָגישער טראַגעדיע, וואָס ליגט אין פיזיאָלאָגישן יסוד פון דער פרוי. בלויז קוקנדיק פון אָט דעם ביאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, קאָן מען פאַרשטיין דאָס לעבן און די „נשמה" פון דער פרוי. אַלע מיספאַרשטייענישן, קריגערייען און דראַמען, וועלכע אַנטשטייען טאָג-טעגלעך צווישן מאַנסבילן און פרויען און ליפערן אַ מאַטעריאַל נישט אויסצושעפּן פאַר

קינסטלער, בעלעטריסטן און דראַמאַטורגן, הענגען-אָפּ נישט בלויז פון די אַלגעמיין-באַקאַנטע סאָציאַלע סיבות. זיי נעמען זיך אויך דערפון, וואָס דער מאַנסביל איז דער גאַנצער, ביז צו די אייוויס-מאָלעקולן פון זיינע קעמערלעך, ביאָלאָגיש אַן אַנדערער ווי די פרוי. אינגאַנצן פאַרשידן זענען אויך די ביאָלאָגישע גורלות פון מאַנסביל און פרוי, פאַרשידן שוין זינט דעם מאָמענט, ווען עס ווערט באַשטימט דאָס געשלעכט פון עמבריאָן.

אַמאָל האָט מען פאַרלוירן נישט ווייניק ווערטער, גאַל און טינט, כדי צו דערווייזן די גלייכקייט אָדער אומגלייכקייט פון מאַנסביל און פרוי. ביי היינט-צו-טאָג זענען שוין נישטאָ קיין סך בעלנים צו פאַרטיידיקן דעם שטאַנדפונקט, אַז די סאָציאַלע רעכט פון דער פרוי דאַרפן זיין באַגרענעצט אין פאַרגלייך מיט דער מענלעכער העלפט פון מענטשלעכן מין. דאָס אַלטע שפריכ-וואָרט: „די הון איז נישט קיין פויגל — די פרוי איז נישט קיין מענטש", פאַרשווינדט פון דער אומגאַנגס-שפּראַך און ווערט בהדרגה פאַרגעסן. דער געדאַנק וועגן דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די געשלעכטער דרינגט אַלץ טיפער און טיפער אַריין אין באַוווסטזיין פון די מאַסן. מען דאַרף און מען מוז פאַרטיידיקן די (סאָציאַלע) גלייכבאַרעכטיקונג פון די געשלעכטער. מען טאָר אָבער נישט מיינען, אַז דעמדאָזיקן פּרינציפּ, וואָס פליסט-אַרויס פון פּרימיטיווסטן יושר-געפיל, קאָן מען לייכט פאַרווירקלעכן אין לעבן. אין ערגעץ אין דער גאַנצער וועלט האָט מען נישט אויפגעטון אַזוי פיל פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון דער פרוי, ווי אין ראַטן-פאַרבאַנד, און אין ערגעץ זענען נישטאָ אַזעלכע פּראָגרעסיווע געזעצן וועגן דער פרויען-פראַגע, ווי דאָ. און פונדעסטוועגן איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז די ווירקלעכע לאַגע פון דער פרוי, דער עיקר אין פאַמיליען-לעבן האָט זיך קנאַפּ-וואָס געביטן נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע.

דאָס נעמט זיך נישט בלויז דערפון, וואָס מיר לעבן אין אַן עפּאָכע פון איבערגאַנג צום סאָציאַליזם. די פּאַקטישע דורכ-פירונג פון רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּן אויף דעם געביט שטויסט זיך אָן אויף זייער אַ וויכטיקער שטערונג, דהיינו, אויף דער

ביאָלאָגישער אומגלייכקייט פון די געשלעכטער, אויף זייער נישט-גלייכער ביאָלאָגישער באַלאַסטונג. פאַר דער רעוואָלוציע, ווען מען האָט געדאַרפט קעמפן פאַר די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע רעכט פון דער פרוי, איז געווען נישט-באַקוועם צו רעדן וועגן אָט דער ביאָלאָגישער אומגלייכקייט פון די געשלעכטער. ס'איז געווען אַ געפאַר, אַז דאָס וועלן אויסנוצן די פינצטערע כוחות, וועלכע האָבן געשטרעבט צו פאַרפעסטיקן צוזאַמען מיט דער פאַרשקלאַפונג פון דער פרוי אויך די דעמאָלטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג. איצט איז אויסגעקעמפט די סאָציאַלע און יורידישע גלייכקייט פון די געשלעכטער, און קיינמאָל וועט שוין דאָס לעבן זיך נישט אומקערן צוריק. איצט זעען מיר נישט קיין שום סיבה צו פאַרשווייגן באַקאַנטע זאַכן און מיר קאָנען רעדן אָפן און קלאָר. מיר מוזן אָנערקענען, אַז ס'איז בלי שום ספק פאַראַן אַ ביאָלאָגישע אומגלייכקייט פון די געשלעכטער, און אַז די אומגלייכקייט איז אַ סך טיפער און ערנסטער, ווי דאָס מיינען מענטשן, עם-הארצים אין נאַטור-וויסנשאַפט. דידאָזיקע ביאָלאָגישע אומגלייכקייט טאָר מען נישט פאַרשטיין אַזוי, אַז איין געשלעכט איז העכער אָדער נידעריקער פאַרן אַנדערן. סיי דער מאַנסביל, סיי די פרוי זענען בלי שום ספק גלייכווערטיק און ביז דער געשלעכטלעכער צייטיקייט האָבן זיי גלייכע מעגלעכקייטן פאַר אַ ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. דערנאָך אָבער ווערט די לאַגע פאַרשידן און ס'אַנטשטייט אַן אומגלייכקייט. מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אַז די קערפּערס פון מאַנסביל און פרוי אַנטוויקלען זיך און לעבן אונטער אינגאַנצן פאַרשידענע איינפלוסן, אַז דער רייפער מענלעכער אָרגאַניזם איז דער גאַנצער, ביז צו די דינסטע געוועב-עלעמענטן, און אפשר אַפילו ביז צו די אייוויים-מאָלעקולן אַן אַנדערער ווי דער אָרגאַניזם פון דער פרוי. וואָס מער די געלערנטע פאָרשן דעם געשלעכטלעכן דימאָרפיזם *)

*) דימאָרפיזם -- צוויי-פאָרמיקייט, צוויי-געשטאַלטיקייט. געשלעכטלעכער דימאָרפיזם באַדייט דאָס עקזיסטירן פון באַזונדערע געשטאַלטן פון אָרגאַניזם פאַר דעם ער און פאַר דער זי.

ביי העכערע בעלי־חיים און ביים מענטש, אַלץ מער און מער איבערצייגן זיי זיך אין דעם טיפּן אונטערשיד פון די געשלעכטער. אויב מען זאָל אַפילו האָבן אין זינען בלויז דעם סאָמאַטישן טייל פון מענטשלעכן קערפּער, וועלכער איז, ווי מיר ווייסן, איינגאַנצן פאַרשקלאַפּט דעם געשלעכט, קאָן מען אַלץ רעדן אויס־שליסלעך וועגן גלייכווערטיקייט אָדער עקוויפּאָטענ־ציעלקייט פון קערפּער ביים ער און ביי דער זי, אָבער בשום אופן באַדייט עס נישט גלייכקייט אין זין פון גלייכער־פעיקייט צו רעאַליזירן די מעגלעכקייטן, וואָס זענען פאַרבאַהאַלטן אין אָרגאַניזם.

אַ דאַנק גלענצנדיקע אונטערזוכונגען פון פאַרשידענע געלערנטע איז געלונגען עקספּערימענטעל צו דערווייזן, אַז די קערפּערס פון ער און פון דער זי זענען גלייכווערטיק.

שטיינאַך האָט גענומען יונגע ערן ים־חזירימלעך און שטשורעס (די ערשטע אין עלטער פון 2—9 וואָכן, די אַנדערע אין עלטער פון 3—4 וואָכן (און אַרויסגעשניטן ביי זיי די זוימען־דריזן. דערנאָך האָט ער אין בויך־חלל אָדער אונטער דער הויט פון אַזעלכע קאַסטראַטן איבערגעפלאַנצט אייערשטאָקן, אַרויס־געשניטענע ביי יונגע זיען פון זעלביקן מין (געוויינלעך אַפילו ביי שוועסטער פון די קאַסטראַטן). כמעט אין אַ העלפט פאַלן איז די איבערפלאַנצונג גלענצנד געלונגען. די איבערגעפלאַנצטע אייערשטאָקן פלעגן אין קערפּער פון ער זיך אַנטוויקלען, וואַקסן און אַפילו סוף־כל־סוף אויסשיידן איי־קעמערלעך. גלייכצייטיק האָבן זיך איינגאַנצן אויפגעהערט צו אַנטוויקלען די מענלעכע געשלעכטלעכע סימנים. אונטערן איינפלוס פון די איי־האָרמאָנען האָבן זיך, פאַרקערט, גענומען גיך אַנטוויקלען די ווייבלעכע געשלעכטלעכע סימנים. אַזוי האָבן די ציצן, די קרייזן אַרום די ציצן און די מילך־דריזן באַקומען פאָרם און אויסמעסטונגען פונקט ווי ביי נאָרמאַלע זיען. דער סקעלעט, די פעל, די מוסקלען און די ערטער פון קערפּער, ווו ס'ווערט אָפּגעלייגט פעטס, האָבן באַקומען פונקט אַזאַ אויסזען ווי ביי זיען. בעת דער געשלעכטלעכער צייטיקייט איז ביי די אָפּערירטע בעלי־חיים

ניׄשט געווען צו זען קיין שום סימן פון געשלעכטלעכן דראַנג צו זיען. אַפילו די אָנוועזנהייט פון זיען, וואָס האָבן זיך געפונען אין געשלעכטלעכן פעריאָד, פלעגט אויף זיי נישט מאַכן דעם מינדסטן איינדרוק. די געוועזענע ערן זענען נאָך דער אָפּעראַציע געוואָרן אמתע זיען. ס׳איז מערקווירדיק, אַז אַזעלכע פעמיניזירטע אָדער קינסטלעכע זיען האָבן אָנגעהויבן צו וועקן אין נאָרמאַלע ערן פונקט אַזאַ שטאַרקן געשלעכטלעכן דראַנג ווי געוויינלעכע זיען. ביי פאַרפּאָלגונגען פון ערן פלעגן די קינסטלעכע זיען שטשורעס פונקט ווי אמתע זיען אויף אַ כאַראַקטעריסטישן אופן אויפהייבן ווערטיקאַל דעם עק (דער אַזויגערופענער „עק-רעפלעקס", וועלכער איז נישטאָ ביי ערן און קאַסטראַטן) און זיך פאַרטיידיקן מיט די הינטערשטע פיס (ערן קערן זיך אַלעמאָל אום ביי פאַרפאָלגונגען און שלאָגן זיך מיט די פאָדערשטע פיס).

צוערשט איז שטיינאַכן געלונגען צו פאַרוואַנדלען בלויז ערן אין זיען, און נישט פאַרקערט; שפּעטער, נאָך לאַנגע נישט-געלונגענע פּרוּוון האָט ער זיך אויסגעלערנט איבערצופלאַנצן זוימען-דריזן צו קאַסטרירטע זיען און אַזוי-אַרום פאַרוואַנדלען זיי אין ערן.

נאָך עפעקטפולער איז דידאָזיקע פעמיניזירונג פון ערן און מאַסקוליניזירונג פון זיען ביי פויגלען, וואָס ביי זיי איז דער געשלעכטלעכער דימאָרפיזם זייער בולט אויסגעדריקט. אין ראַטן-פאַרבאַנד איז זאַוואַדאָווסקין געלונגען צו פאַרוואַנדלען הענער אין הינער און הינער אין הענער דורך איבערפלאַנצן ביי קורטשיקלעך די געשלעכטלעכע דריזן. געוועזענע הינער פלעגן לויטן אויסערלעכן אויסזען ווערן אַזוי ענלעך צו הענער, אַז מען האָט זיי נישט געקאָנט אונטערשיידן פון אמתע הענער. זיי האָבן איבערגענומען אַלע ריין הענערשע העויות, פלעגן „קוקאַרעקען" ווי אמתע הענער, נאָכלויפן און באַדעקן די הינער, צונויפרופן זיי צום עסן, קעמפן מיט אַנדערע הענער א. אַ. וו. פעמיניזירטע הענער פלעגן אַפילו אויסבילדן אייער, וועלכע מען האָט געקאָנט אָנטאַפּן אין בויך-חלל. זיי האָבן זיך אָבער נישט געלייגט, ווייל די הענער האָבן נישט געהאַט קיין אַרויספיר-קאַנאַלן.

זאַוואַדאָווסקי שרייבט: „אַחוץ אייניקע קלענערע אונטער־שידן, וואָס ווערן דערקלערט דורך דעם טערמין פון דער אָפּעראַציע, איז אין די הויפּט־שטריכן די ענלעכקייט צווישן קאַסטרירטע הענער און הינער, צווישן נאָרמאַלע הענער און „קינסטלעכע", צווישן נאָרמאַלע הינער און „קינסטלעכע" הינער אויסערגעוויינלעך גרויס און מיר האָבן דאָס פולע רעכט אָנ־צונעמען אַ גלייכווערטיקייט פון די געוועבן ביי ערן און ביי זיען. ווייטערדיקע אויספאָרשונגען וועלן באַווייזן, צי דאַרף מען אַריינפירן וועלכע־נישט־איז באַגרענעצונגען אינם כלל וועגן דער גלייכווערטיקייט פון די געוועבן ביי ביידע געשלעכטער. ביים היינטיקן טאָג באַזיצן מיר נישט קיין גענוגנדיקע מאָטיוון אויף צו מאַכן אַזאַ באַגרענעצונג".

דידאָזיקע עקספּערימענטעלע פּאַרוואַנדלונגען פון ערן אין זיען און פאַרקערט זענען פאַרענדיקט געוואָרן דורך באַשאַפן אַ קינסטלעכן הערמאַפראָדיט (אַנדראָגינוס), ד. ה., אַ צוויי־געשלעכטלעך באַשעפעניש.

דער פריער דערמאָנטער שטיינאַך פלעגט נעמען יונגע שטשורעס און קאַסטרירן זיי, ד. ה., אַרויסשניידן ביידע גע־שלעכטלעכע דריזן. דערנאָך פלעגט ער צו אַזעלכע קאַסטראַטן איבערפלאַנצן אין איין זייט אַ זוימען־דריז און אין דער אַנדערער — אַן אייערשטאָק. אין גינסטיקע פאַלן פלעגן צוואַקסן ביידע דריזן, און אין בלוט פון בעל־חי פלעגן אָנהייבן צירקולירן סיי מענלעכע, סיי ווייבלעכע געשלעכטלעכע האָרמאָנען. ס'פלעגן זיך באַקומען יחידים מיט געמישטע געשלעכטלעכע סימנים: נישט קיין ער און נישט קיין זי. געוויינלעך פלעגט אין אָרגאַניזם זיך אָנהייבן אַ קאַמף צווישן ביידע מינים האָרמאָנען. אין געוויסע פאַלן פלעגט איין מין מנצח זיין און אַרויסשטויסן פון קערפּער די אינעוויינקסטע סעקרעציע פון צווייטן געשלעכט. אין אַנדערע פאַלן פלעגט גובר זיין דער אַנדערער מין האָרמאָנען; בהסכם דערמיט פלעגט אויך דער בעל־חי זיך פריער אויפפירן, למשל, ווי אַ זי. ער פלעגט דערלויבן ערן אַרומצוגיין אַרום זיך און אַרויפצושפּרינגען אויף זיך. דערנאָך פלעגן בהדרגה פאַרטושט

ווערן די שטריכן פון אַ זי און פאַרביטן ווערן דורך מענלעכע סימנים. די גפוועזענע זי פלעגט ווערן אַן ער און אַליין אָנ-הייבן אַרויפשפרינגען אויף זיען און אַפּילו פּרוּוון זיי באַדעקן.

אין דידאַזיקע עקספּערימענטן פלעגט זיך באַקומען בלויז אַ צווייי-געשלעכטלעכע אינעווייניקסטע סעקרעציע, עס פלעגט אָבער נישט צושטאַנדקומען קיין פּראָדוקציע פון גאַמעטן. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דעם פיזיאָלאָג קנוט זאַנד געלונגען צו גיין נאָך ווייטער און צו שאַפן אמתע קינסטלעכע הערמאַ-פראָדיטן. ער האָט אויסגעשניטן ביי ערן די זוימען-דריזן און אַריינגעשטעלט אין די באַקומענע שפּאַלטן שטיקער פון אייערשטאָק, וועלכע זענען צוגעוואָקסן. אין איין-און-דערזעלביקער דריז האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַ פּראָדוקציע פון איי-קעמערלעך און פון זרע-פּעדימלעך, פון מענלעכע און פון ווייבלעכע האָרמאָנען. אַזוי-אַרום האָבן זיך באַקומען יחידים, וועלכע זענען גלייכצייטיק געווען ערן און זיען. ווען מען פלעגט זיי אַריינזעצן צו זיען, פלעגן זיי באַדעקן די לעצטע; ווען זיי פלעגן זיך געפינען אין אַ געזעלשאַפט פון ערן, פלעגן זיי דערלויבן אַרויפשפּרינגען אויף זיך און האָבן זיך אויפגעפירט ווי זיען.

די ריכטונג, אַנטוויקלונג און טעטיקייט פון די סאָמאַטישע עלעמענטן איז בכן אָפּהענגיק דערפון, וועלכע האָרמאָנען פאַר-שפּרייטן זיך מיט דעם בלוט פון קערפּער. פאַר זיך זענען די-דאָזיקע עלעמענטן ביי ערן און ביי זיען גלייכווערטיק און קאָנען זיך אַנטוויקלען סיי אין דער ריכטונג פון איין געשלעכט, סיי אין דער ריכטונג פון אַנדערן געשלעכט.

דער ווייבלעכער אָרגאַניזם איז פולקום גלייכווערטיק מיטן מענלעכן אָרגאַניזם; די פרוי איז אַקוראַט ווי דער מאַנסביל „איזאָלירט" פון אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן, — „איזאָלירט" צוליב דער אויסערגעוויינלעך הויכער און איינצייטיקער עוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג פון דעם מין מענטש. די פרוי און דער מאַנסביל האָבן גלייכע באַדערפענישן און שטרעבונגען, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורכן הויך-אַנטוויקלטן נערוון-סיסטעם און דורך די קאָמפּליצירטע ענדאָקרינע אָרגאַנען; דאָס געשלעכט האָט

אָבער אַרויפגעלייגט אויף דער פרוי נישט בערך שווערערע ביאָ־לאָגישע פליכטן ווי אויפן מאַנסביל, און דערין באַשטייט סאַקע די טראַגעדיע פון פרויען־לעבן. יענע זעלטענע פריידן, וועלכע זענען ביי דער פרוי פאַרבונדן מיט דינען דעם „גאָט פון מין", קאָנען נישט אויסקויפן די צרות און פיין, מיט וועלכע ס'איז פול דאָס לעבן אַפילו פון אַ נאָרמאַלער פרוי. איר גאַנץ לעבן פון דער געבורט אָן ביזן טויט איז פול מיט סתירות, אין גינסטיקסטן פאַל קאָן מען בלויז געפינען דעם בעסטן וועג צווישן זיי, מען קאָן זיי אָבער נישט בייקומען, ווייל אויסערן געשלעכט איז נישטאָ אויך קיין מענטש. דאָס אַלץ איז די ביאָלאָגישע זייט פון דער פראַגע. די לעבנס־באַדינגונגען פאַר־לייכטערן דערווייל עפּעס נישט אַזוי שטאַרק דעם טראַגיזם פון דער פרוי. אויף דעם געביט איז די רעוואָלוציע נאָך ווייניק אַריינגעדרונגען, און דאָ איז, קאָן מען זאָגן, נאָך אָן אַ שיער פאַראַן וואָס אויפצוטון. וועגן דעם איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן, און נישט דאָ איז דאָס אָרט צו באַהאַנדלען די טעמע.

---

## IV

דאָס לעבן פון דער פרוי איז אויסגעבונדן מיט אירע גאַמעטן. — פיר פעריאָדן אין לעבן פון דער פרוי. — דער בוי פון ווייבלעכן געשלעכטלעכן אַפּאַראַט.

דאָס לעבן פון דער פרוי איז נישט בערך שטאַרקער ווי דאָס לעבן פון מאַנסביל פאַרבונדן מיטן גורל פון די גאַמעטן אָדער געשלעכטלעכע קעמערלעך, וועלכע זי פּראָדוצירט. די נאַטור פאָדערט נישט פון מאַנסביל, ער זאָל זאָרגן וועגן דעם ווייטערדיקן גורל פון זיינע גאַמעטן, נאָכדעם ווי זיי זענען אַריינגעדרונגען אין ווייבלעכן אָרגאַניזם. אַלץ, וואָס געשעט שפּעטער מיט די דאָזיקע גאַמעטן, רופט זיך לחלוטין נישט אָפּ אויפן צושטאַנד פון זיין קערפּער. עטישע מאָטיוון, פאָדערונגען פון דער מלוכה, די געזעלשאַפטלעכע מאָראַל א. אַ. וו. קאָנען דעם מאַנסביל צווינגען, ער זאָל זיך ערנסט באַציען צו יעדן געשלעכטלעכן אַקט און קוקן אויף אים ווי אויף אַן אויסגאַנגס-פונקט פאַר אַ ריי ווייטערדיקע געשעענישן און דערשיינונגען אויף דער ערד. דאָס אַלץ וועלן אָבער זיין צווייטראַנגיקע זאַכן, דאָס האָט נישט קיין וואָרצלען אין מהות פון מאַנסביל, דאָס הייבט אים נישט אָן ביאָלאָגיש צו פאַרפליכטן. די פאָטערלעכע געפילן שטייען איבער די ביאָלאָגישע יסודות פון מענטשלעכן זיין און שטעלן מיט זיך פאָר גיכער אַ סאָציאָלאָגישע, איידער אַ ביאָלאָגישע דערשיינונג.

פאַרקערט, דאָס לעבן פון דער פרוי איז אויך ביאָלאָגיש אויסגעבונדן מיטן גורל פון די איי-קעמערלעך, וועלכע זי

פּראָדוצירט. ווערליג דעם, וואָס ס'קומט־פאָר מיט דער מיקראָסקאָ־פּישער גאַמעטע, וועלכע האָט זיך אָפּגעטיילט פון איר קערפּער, פאַרקירעוועט זיך דאָס גאַנצע לעבן פון דער פרוי אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדערער ריכטונג. די פּראָדוקציע פון גאַמעטן צעשפּאַלט דאָס ביאָלאָגישע לעבן פון דער פרוי אויף אַ ריי פעריאָדן, ווען עס קומען־צושטאַנד ריטמישע וויברירונגען פון אַלע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן אין איר קערפּער. אויב די ווייבלעכע גאַמעטע ווערט באַפרוכפּערט דורך אַ מענלעך געשלעכטלעך קעמערל, ווערן פון דער פרויס אינדיווידועלן לעבן אַרויסגעריסן גאַנצע פּאַסן, און אירע אייגענע ביאָלאָגישע פּראָצעסן ווערן דעמאָלט באַפאָרבן מיט אַן אייגנאַרטיקן „פיזיאָלאָגישן אַלטרויִזם".

דאָס גאַנצע לעבן פון דער פרוי צעפּאַלט אויף שאַרף אָפּ־געגרענעצטע פעריאָדן, און יעדערער פון זיי לייגט־אַרויף אַ בולטן שטעמפּל אויף אַלע באַזונדערקייטן פון איר קערפּער און נשמה.

דער ערשטער פעריאָד הייבט זיך אָן פון דעם אויפ־קומען פון די גאַמעטן און ענדיקט זיך אין יענעם מאָמענט פון דער פרויס לעבן, ווען ס'קומט־פאָר די ערשטע אָוווּלאַציע, ד. ה., ווען אַ גאַמעטע ווערט אָפּגעטיילט פון אָרגאַניזם.

דער צווייטער פעריאָד נעמט־אַרום דאָס לעבן פון דער פרוי פון דער ערשטער אָוווּלאַציע ביזן ערשטן געשלעכט־לעכן אַקט, ווען עס דרינגען, געוויינלעך, אַריין אין קערפּער מענלעכע גאַמעטן.

דער דריטער פעריאָד איז אפשר נישט דער לענגסטער, אָבער דער אַקטיוועסטער אין דינען דעם „גאָט פון מין". זיינע נאַטירלעכע גרענעצן זענען פון איין זייט דער ערשטער געשלעכטלעכער אַקט, און פון דער אַנדערער זייט — דער אויפהער פון אָוווּלאַציעס (דאָס קלימאַקטעריום).

צולעצט, דער פערטער פעריאָד דויערט פון דעם מאָמענט, ווען ס'הערט־אויף די פּראָדוקציע פון גאַמעטן, ביזן טויט.

איידער מיר גייען־אַריבער צו אַ גענויערער באַטראַכטונג פון די אַלע פיר פעריאָדן, ווי עס קומט אַזוי בולט צום אויסדרוק

די „ביאָלאָגישע טראַגעדיע" פון דער פרוי, מוזן מיר אין די אַלגעמיינסטע שטריכן זיך באַקענען מיטן בוי פון ווייבלעכן געשלעכטלעכן אַפּאַראַט. אָן דעם וואָלטן פאַר אונז נישט געווען פאַרשטענדלעך אַ סך ערטער פון ווייטערדיקן טעקסט.

אין געשלעכטלעכן אַפּאַראַט פון דער פרוי מוז מען אונטערשיידן: 1) אַן אָפּטיילונג, וואָס פּראָדוצירט די גאַמעטן און ליפערט די גאָר וויכטיקע געשלעכטלעכע האָרמאָנען; דאָס זענען די אייערשטאָקן, פיזיאָלאָגיש דער וויכטיקסטער טייל פון גאַנצן געשלעכטלעכן אַפּאַראַט; 2) אָרגאַנען, דורך וועלכע עס גייען-אַרויס די גאַמעטן; דאָרטן אַנטוויקלען זיך אויך די באַפרוכפּערטע גאַמעטן אָדער דער עמבריאָן; דאָס זענען די איי-פירער און די געבויר-מוטער; 3) די טיילן, וואָס גיבן אַ מעגלעכקייט די מענלעכע גאַמעטן אַריינצודרינגען אין ווייבלעכן אָרגאַניזם און זיך צו באַגעגענען אין באַפרוכפּערונגס-פּראָצעס מיט די ווייבלעכע געשלעכטלעכע קעמערלעך; דידאָזיקע טיילן פון אַפּאַראַט ווערן אָנגערופן באַהעפטונגס-אָרגאַנען; צו זיי געהערן די שייד און די אויסנווייניקסטע געשלעכטלעכע טיילן.

דער אייערשטאָק איז אַ טאָפּלטער אָרגאַן, וועלכער געפינט זיך צו ביידע זייטן פון דער געבויר-מוטער ביים אַריינגאַנג אין קליינעם בעקן און איז צוגעפּעסטיקט צום ברייטן באַנד פון דער געבויר-מוטער; דערדאָזיקער באַנד איז אַ פאַלד פונעם בויך-הייטל, וואָס ציט זיך קווער דורכן בעקן און נעמט-אַרום די געבויר-מוטער. אַחוץ דעם ציט זיך פון אינעווייניקסטן ראַנד אייערשטאָק צו דער דעק פון דער געבויר-מוטער אַ באַזונדערער באַנד, וואָס העלפט צו באַפעסטיקן דעם אייערשטאָק און גייט-אַדורך דורך דעם פריער-דערמאָנטן ברייטן באַנד.

אין אייערשטאָק ווערט נאָך פאַר דער געבורט אַריינגעגעבן דער גאַנצער סכום געשלעכטלעכע קעמערלעך אויפן גאַנצן געשלעכטלעכן לעבן פון געגעבענעם יחיד. דער גרעסטער טייל פון דידאָזיקע גאַמעטן גייט-לאיבוד נישט ווערנדיק פולקום רייף, און בלויז ווייניקער ווי איין פּראָצענט פון זיי פאַרוואַנדלט

זיך אין רייפע געשלעכטלעכע קעמערלעך. דאָס געשעט אין באַזונ-דערע איי-פענכערלעך, וועלכע מען קאָן באַמערקן אויף דער אויבערפלאַך פון געשלעכטלעך רייפן אייערשטאָק אַפילו מיטן בלויזן אויג. פעריאָדיש גיסט זיך אַרויס דער אינהאַלט פון די-דאָזיקע פענכערלעך, און דעמאָלט באַפרייט זיך די רייפע גאַמעטע, וועלכע איז גרייט באַפרוכפערט צו ווערן.

דאָ, אין אייערשטאָק ווערן אויסגעאַרבעט אויך יענע גע-שלעכטלעכע האָרמאָנען, וואָס וועגן זייער וויכטיקער פיזיאָלאָגישער ראָלע האָבן מיר פריער אַזוי פיל גערעדט. אַחוץ דער אַלגעמיינער געשלעכטלעכער אינקרעציע, אַנטשטייען אין אייערשטאָק פון צייט צו צייט באַזונדערע צייטווייליקע דריזן מיט אַן אינעווייניקסטער אינקרעציע. זיי בילדן זיך אויס אויפן אָרט פון די איי-פענכער-לעך, וועלכע האָבן זיך באַפרייט פון זייער אינהאַלט. אַלס מאַטעריאַל ווערן דערביי באַנוצט די ווענטל-געוועבן פון די איי-פענכערלעך. צוליב זייער טיפן אָראַנזש-קאָליר ווערן די דאָזיקע צייטווייליקע דריזן אָנגערופן געלע קערפערס. ווי מיר וועלן אויספירלעך זען שפעטער, האָבן זייערע אינקרעטן אַ גרויסע באַדייטונג פאַרן ווייטערדיקן גורל פון איי-קעמערל.

ביים אייערשטאָק זענען פאַראַן אָרגאַנען, וועלכע זענען באַרופן אויפצוכאַפן די רייפע גאַמעטן. דאָס זענען די אַזויגע-רופענע איי-פירער, לאַנגע מוסקל-טרייבלעך (7 ביז 14 סענ-טימעטער די לענג), וועלכע גייען-אַריין פון ביידע זייטן אין דער געבויר-מוטער. זייער פרייער טייל, וועלכער איז געווענדט צום אייערשטאָק, עפנט זיך קאָנוס-אַרטיק אין בויך-חלל אַריין. די-דאָזיקע טרייבלעך גייען-אַדורך, זיך לייכט שלענגלענדיק, אין ברייטן באַנד פון דער געבויר-מוטער ביי איר אויבערשטן ראַנד. דערביי ווערן זיי שמעלער אין דער ריכטונג צו דער געבויר-מוטער און פאַרברייטערן זיך אין דער ריכטונג צום אייערשטאָק. די קאָנוס-אַרטיקע עפענונג פון איי-פירער אין בויך-חלל האָט טיפע איינשניטן ביי די קאַנטן; אַזוי אַרום אַנטשטייען געציינדלטע בלעטלעך, די אַזויגערופענע פרענדזלעך אָדער פימבריען. איינס פון זיי געפינט זיך אין אַ פאַרבינדונג מיטן אייערשטאָק.

דידאָזיקע פּרענדזלעך זענען באַרופן אויפצוכאַפּן דאָס איי־קעמערל, וואָס ווערט אַרויסגעשפּריצט פונם געעפנטן איי־פענכערל, און אַריינצושטופּן עס ווייטער אין דער טיף פון איי־פירער. דאָס ווערט פאַרווירקלעכט דורך באַזונדערע מיקראָס־קאָפּישע הערעלעך, וועלכע באַדעקן די פימבריען און די אינע־ווייניקסטע אויבערפלאַך פון איי־פירער. דידאָזיקע הערעלעך באַוועגן זיך ענלעך צו אַ לאָנקע, וואָס ווערט געוויגט דורכן ווינט. בשעת מעשה טוען זיי אויף נאָך איין זאַך. די אינע־ווייניקסטע אויבערפלאַך פון איי־פירער איז באַדעקט מיט דריזן, וועלכע שיידן־אויס שליים. אַ דאַנק די הערעלעך ווערט די דינע שיכט פון דעמדאָזיקן שליים כסדר איבערגערוקט אין דער ריכטונג צו דער געבויר־מוטער. אַזוי־אַרום זענען די הערעלעך פון די איי־פירערס געגליכן צו אַ מעכאַנישן באַוועגלעכן טראָטואַר. אויף אים פאַלט עס אַריין די גאַמעטע — נאָכן אַרויסגיין פון אייערשטאָק, און מיט זיין הילף ווערט זי אָדער אַרויס־געפירט דורך געבויר־מוטער און שייד אויף אין דרויסן (אין דעם פאַל, ווען זי ווערט נישט באַפרוכפּערט), אָדער אַריבערטראַנ־ספּאָרטירט אין דער געבויר־מוטער, וווּ זי דאַרף זיך ווייטער אַנטוויקלען. דידאָזיקע „וואַנדערונג” פון דער גאַמעטע איבערן איי־פירער ווערט, ווייזט־אויס, זייער פאַרלייכט־ערט דורך פאַר־קירצונגען פון דעם מוסקל־ווענטל. די באַגעגעניש פון דער ווייב־לעכער גאַמעטע מיט די מענלעכע (אויב ס'איז פריער געווען אַ באַהעפטונג) קומט־פאָר אין דעם נאָענטסטן צום אייערשטאָק טייל פון איי־פירער. די צונויפגיסונג פון דער מענלעכער גאַמעטע מיט דער ווייבלעכער קומט־פאָר (ביי מענטשן און ביי זויגערס), אַזוי־צו־זאָגן, „אין וועג”, ד. ה. דעמאָלט, ווען דאָס איי־קעמערל ווערט פאַמעלעך אַוועקגעטראָגן דורך דער באַוועגלעכער שיכט שליים אין דער ריכטונג צו דער געבויר־מוטער.

די געבויר־מוטער שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינעווייניק פוסטן מוסקל־אָרגאַן. זי געפינט זיך אין חלל פון בעקן צווישן אורין־פענכער און דער גראָבער קישקע *) און איז לויט אירע

*) Inter phaeces et urinas nascimur! — „מיר ווערן געבוי־

אויסמעסטונגען לערך גלייך צו דער פויסט פון דער געגעבענער פרוי. לויט איר פאָרם איז די געבויר-מוטער, אין אַלגעמיינעם, ענלעך צו אַ באַרנע, פון פאָרנט און פון הינטן זענען אירע ווענטלעך דיקער. איר ברייטערער טייל איז געווענדט אַרויפצו און נעמט-אַריין אין זיך ביי די ברעגעס ביידע איי-פירער, איר שמעלערער טייל איז געווענדט אַראָפּצו און עפנט זיך אין דער שייד. דער אונטערשטער טייל פון דער געבויר-מוטער ווערט אַרומגענומען דורכן אויבערשטן טייל פון דער שייד און רוקט זיך טיילווייז אַריין אין איר חלל. דאָ געפינט זיך אַ שמאָלער (ביי פרויען, וואָס האָבן נאָך נישט געבוירן) קווער-שפּאַלט, וועלכער פאַרייניקט דעם חלל פון דער געבויר-מוטער מיט דער שייד. נאָך דער ערשטער געבורט ענדערט דערדאָזיקער שפּאַלט זיין פאָרם און זיינע אויסמעסטונגען. די אינעווייניקסטע אויבערפלאַך פון דער געבויר-מוטער איז באַדעקט מיט אַ שליימיק הייטל. די אויבערשטע קעמערלעך פון הייטל זענען טיילווייז דריזן-קעמערלעך, טיילווייז ווידער זענען זיי פאַרזען, ווי אין די איי-פירער, מיט באַוועגטע הערעלעך. דעראָזיקער צודעק, וועלכער רוקט זיך אַהין און אַהער, שאַפט עס דעם שטראָם שליימיקער פליסיקייט אין דער ריכטונג אַריינצו אין דער געבויר-מוטער.

די שייד געהערט שוין צו די באַהעפטונגס-אָרגאַנען. צוזאַמען מיט די אויסנווייניקסטע געשלעכטלעכע טיילן איז זי פיזיאָלאָגיש דער סאַמע נישט-וויכטיקער טייל פון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט. אויפן אָפּעראַטיוון וועג איז געלונגען אַריינצופירן מענלעכע גאַמעטן דירעקט אין דער געבויר-מוטער, וועלכע איז אויף דעם וועג פאַרנומען געוואָרן אַקוראַט ווי ביי נאַטירלעכע באַדינגונגען. בכן האָבן די באַהעפטונגס-אָרגאַנען בלויז אַ צווייט-ראַנגיקע באַדייטונג פאַרן פאַרמערונגס-פּראָצעס, ווו דער עיקר איז די פּראָדוקציע פון גאַמעטן, זייער רייף-ווערן און זייער באַגעגעניש (באַפרוכפערונג).

---

נומען צווישן אורין און שטול!" — האָט אויסגערופן אַ מיטלאַלטערלעכער מאָנאַך, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַנאַטאָמיע.

די שייד איז אַ לאַנג טרייבל, וואָס לאָזט זיך פאַנאַנדער־ציען. איר אויבערשטער טייל רינגלט־אַרום דעם אונטערשטן טייל פון דער געבויר־מוטער. דאָ ליגט אויך יענער טייל פון דער שייד, וווּהין עס קומט־אַריין בשעתן געשלעכטלעכן אַקט די זרע. דער אונטערשטער טייל פון דער שייד איז געווענדט פאָרויס און אַראָפּצו. ער עפנט זיך אויף אין דרויסן אין דער אַזויגערופענער פּאָדער־טיר פון דער שייד דורך אַ רונדיקער עפענונג. אין יונג־פרוילעכן צושטאַנד ווערט די עפענונג אָפּגעשלאָסן דורך אַ פאַלד פון דער שליים־הויט, דורכן דעם אַזויגערופענעם **יונגפרוי־לעכן הייטל.**

די דרויסנדיקע געשלעכטלעכע אָרגאַנען שטעלן פאַר אונז נישט פאָר קיין אינטערעס. לאָמיר דאָ בלויז דערמאָנען, אַז דער געשלעכטלעכער אַפּאַראַט פון דער פרוי האָט אין ריין „מענטשלעכע" אייגנשאַפט, וועלכע מיר געפינען נישט ביי די מענטש־ענלעכע מאַלפּעס און ביי אַנדערע נידעריקערע בעלי־חיים. דאָס איז די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון די תאווה־אָרגאַנען ביי דער פרוי. ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, שטייט עס אין אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער שטאַרקער אַנטוויקלונג פון די העכערע מאַרך־צענטרען און פון די ענדאָקרינע אָרגאַנען ביים מענטש. דאָס מאַכט נויטיק באַזונדערע „פיזיאָלאָגישע שפּיצלעך", כדי צו „פאַרשקלאַפן" דעם מענטש פאַר דער נאַטור. גלייכצייטיק זענען אָבער דידאָזיקע שפּיצלעך אַ מקור פון געשלעכטלעכן טראַגיזם פאַר דער פרוי. זיי דערלויבן איר נישט אַראָפּצוואַרפן די שליטה פון געשלעכט און פאַרוואַנדלען די אינטערעסן פון מין כלומרשט אין אירע אינדיווידועלע שטרעבונגען.

נישט אַרייַנגייענדיק אין קיין פרטים, לאָמיר אָנווייזן נאָך אויף איין מערקווירדיקער באַזונדערקייט פון ווייבלעכן געשלעכט־לעכן אַפּאַראַט. ביים מאַנסביל געפינען זיך די געשלעכטלעכע דריזן בלויז פאַר דער געבורט אין בויך־חלל. דערנאָך, בעת דער געבורט לאָזן זיי זיך אַראָפּ אין אייער־זאַק, וועלכער ווערט אַפילו אָפּגעטיילט דורך אַ באַזונדערן באַנד פון בעקן־חלל. סיי דער בויך־חלל, סיי יענע פאַרמאַכטע אָפּטיילונג, וווּהין עס לאָזן זיך

אַראָפּ די זוימען־דריזן, זענען אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון דער דרויסנדיקער סביבה. פאַרקערט, ביי דער פרוי איז דער בויך־חלל דורך דער פאַרמיטלונג פון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט פאַרבונדן מיט דער דרויסנדיקער וועלט. אַ דירעקטער וועג גייט דורך דער בויך־עפענונג פון איי־פירער, דורכן חלל פון דער געבויר־מוטער און דורך איר עפענונג צו דער שייד צו און פאַרייניקט דאָס דעליקאַטע בויך־הייטל, וועמענס אָנצינדונג ס׳איז געפערלעך פאַרן לעבן, מיט דער שייד, בשעת די לעצטע איז גראָד איבער־פולט מיט מיקראָאָרגאַניזמען, אָנגעהויבן פון פאַרשידענע באַק־טעריעס (צווישן זיי אַנדערע זייער געפערלעכע) און געענדיקט מיט פאַרהעלטנישמעסיק נישט־שעדלעכע איינפאַכסטע מיקראָ־אָרגאַניזמען. לטובת דעם פאַרמערונגס־פּראָצעס איז דאָ דערלאָזן געוואָרן אַן ערנסטער קאָמפּראָמיס (אין פאַרגלייך מיטן בוי פון מענלעכן קערפּער), דהיינו, דאָס בויך־הייטל איז נישט גענוג באַשיצט געוואָרן. ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען קאָנען די באַקטעריעס נישט אַריינדרינגען אין בויך־הייטל. זיי ווערן אַרויסגעטראָגן פון דער געבויר־מוטער דורך דעם שטראָם שליימיקע פליסיקייט, דורך דעם „באַוועגלעכן טראָטואַר״, וואָס מיר האָבן פריער באַשריבן. גובר זיין דעמדאָזיקן פליסיקן שטראָם קאָנען בלויז די מענלעכע גאַמעטן אָדער ספּערמאַטאָזאָידן, וועלכע זענען פעיק זיך צו באַוועגן אַמענערגישסטן דווקא אַקעגן דעם פליסיקן שטראָם. דאָס זענען לחלוטין נישט בכוח צו טון די מיקראָאָרגאַניזמען, וועלכע בילדן די מיקראָסקאָפּישע באַפעלקערונג פון דער ווייב־לעכער שייד. מען מוז אָבער אָנערקענען, אַז אין פאַרגלייך דערמיט, ווי ס׳איז פאַרטיידיקט דאָס בויך־הייטל ביים מאַנסביל, איז דער אופן צו פאַרטיידיקן פון באַקטעריעס און פון אַנדערע שעדלעכע ווירקונגען דאָס ווייבלעכע בויך־הייטל נישט בערך וויניקער „זיכער״. ס׳איז גענוג, אַז דער פליסיקער שטראָם, וועלכער רייניקט די געבויר־מוטער און די איי־פירער זאָל זיך אָפּשטעלן, אַז עס זאָלן שוואַכער ווערן די פאַרטיידיקונגס־קרעפטן פון די וועגטלעך גופא אין דעם געשלעכטלעכן שלאַך, — און פאַר די באַקטעריעס עפנט זיך גלייך אַ פרייער וועג צום בויך־הייטל.

דאָס טרעפט זיך טאַקע ביי אייניקע קראַנקהייטן פון ווייבלעכן געשלעכטלעכן אפּאַראַט.

לסוף לאָמיר נאָך אַמאָל דערמאָנען דעם לעזער, אַז די געשלעכטלעכע דריזן פון דער פרוי צייכענען זיך אויס בײַם פאַרהעלטנישמעסיק זייער גרויסע אויסמעסטונגען. אין קליינעם און צאַרטן קערפּער פון דער פרוי האָט די נאַטור אַריינגעזעצט ריזיקע, ווי ביי אַ בעגעמאָט אייערשטאָקן מיט אַ היפּערטראָפּירטער לגבי די בעלי-חיים אינקרעטאָרישער אָפּטיילונג; דורך דער פאַרמיטלונג פון נערוון-סיסטעם און פון אַנדערע ענדאָקרינע אָרגאַנען הערשט דער אייערשטאָק מיט זיינע מעכטיקע האָרמאָנען איבערן גאַנצן אָרגאַניזם פון דער פרוי און פאַרשקלאַפט אַלע פּראָצעסן פאַר: „גאָט פון מין“.

## V

**ערשטער פעריאָד אין לעבן פון דער פרוי. — נישטאָ קיין אויסער-געשלעכטלעכע קינדהייט. — וואָס קומט-פאָר אין מיידלשן אייערשטאָק? — ענדערונגען אין קער-פער, ווי אַ צוגרייטונג צו געשלעכטלעכער צייטיקייט.**

לאָמיר זיך איצט אומקערן צו די פיר פעריאָדן אין לעבן פון דער פרוי, וועלכע מיר האָבן אָנגעמערקט אין פריערדיקן קאַפּיטל אויפן סמך פון ריין ביאָלאָגישע פאַקטן.

לאָמיר אָנהייבן פון ערשטן פעריאָד, וועמענס גרענעצן עס זענען פון איין זייט דאָס אויפקומען פון די גאַמעטן און פון דער אַנדערער זייט די ערשטע אָוווּלאַציע. דערדאָזיקער פעריאָד נעמט-אַרום די גאַנצע קינדהייט פון דער פרוי און ענדיקט זיך מיט דער פאַרוואַנדלונג פון קינד אין אַ געשלעכטלעך רייפן יחיד. דאָס קינד איז ווייט נישט קיין אויסער-געשלעכטלעך באַשעפעניש, און עס איז בכלל נישטאָ קיין אויסער-געשלעכטלעכע קינדהייט; פונדעסטוועגן איז די קליינע פרוי אין משך פון דעמדאָזיקן ערשטן לעבנס-פעריאָד נאָך פריי פון ביאָלאָגישן טראַגיזם. אין דעם פעריאָד זענען נאָך ביידע געשלעכטער ביאָלאָגיש גלייך און ביידע גרייטן זיי זיך נאָך צום קומענדיקן דינען דעם „גאָט פון מין". קיין פולקומער פאַראַלעליזם איז אָבער אויך דאָ נישטאָ. ביי יינגלעך און ביי מיידלעך זענען פאַרשידן די דיאַגראַמען, וואָס אילוסטרירן דעם וווּקס פון קערפּער און פון באַזונדערע אָרגאַנען. מיידלעך זענען עפּטער פאַר יינגלעך קראַנק אויף דער חולאת כאָרייע און אויף אַנדערע קראַנקהייטן, וואָס זענען אַזוי אָדער אַנדערש פאַרבונדן מיט דער שילד-דריז. אין משך פון די ערשטע 5 יאָרן פון לעבן איז די קרענקעוודיקייט פון קינדער

אויף שווינדזוכט און דיפטעריט גלייך ביי יינגלעך און ביי מיידלעך, אָבער נאָך דעם עלטער קרענקען מיידלעך עפטער אויף דידאַזיקע קראַנקהייטן, און ביי זיי פאַרלויפט די קראַנקהייט אין אַ שווערערער פאָרם ווי ביי יינגלעך. אויך אויף קאָקלוש (קייכהוסט) ווערן מיידלעך קראַנק עפטער און אין אַ שווערערער פאָרם ווי יינגלעך. מיידלעך ליידן עפטער פאַר יינגלעך אין דעם עלטער פון אָנאַניזם. דידאָזיקע געוווינהייט אַנטוויקלט זיך צוליב אַ ביי־סעניש, אַרויסגערופן דורך ווערים (קליינע רונדע גייצן), וועלכע קריכן־אַריבער פון הינטערשטן דורכגאַנג אויף די געשלעכטלעכע אָרגאַנען. די נאָענטקייט פון דער שייד צום הינטערשטן דורכגאַנג פאַרלייכטערט די „איבערוואַנדערונג" פון די גייצן. די שטאַרב־לעכקייט צוליב שווינדזוכט אין עלטער פון 2 ביז 15 יאָר איז ביי מיידלעך עטוואָס גרעסער ווי ביי יינגלעך. מיידלעך שטעקן זיך אָן אויף האָנאָרייע עפטער פאַר יינגלעך אויפן אויסער־געשלעכטלעכן וועג (צ. ב., ביי געמיינזאַמען שלאָפן מיט קראַנקע מוטערס, דורך וועש, געשיר א. א. וו.). די אָנשטעקונג ווערט באַגינסטיקט דורך דער צאַרטקייט פון דער אויבערפלאַך אין די אויסנווייניקסטע געשלעכטלעכע אָרגאַנען. עס זענען אַפילו באַשריבן פאַלן, ווען מיידלעך זענען געשטאָרבן פון אַנטצינדונג אין בויך־הייטל, וועלכע איז געקומען פון אָנשטעקן זיך מיט האָנאָרייע.

אָבער אין אַלגעמיינעם גענומען לייגט נאָך דערווייל דאָס געשלעכט נישט אַרויף קיין שום פאַרפליכטונגען אויפן יחיד. אין דעם פעריאָד קומט דאָס געשלעכט צום אויסדרוק בלויז אין די סאַמע דעליקאַטע פּראָצעסן, וועלכע זענען נוגע דער פיזיאָלאָגיע און דעם פיינסטן געבוי פון אייערשטאָק, און אויפן פסיכישן געביט באַווייזן זיך פאַראיינצלטע אָנדייטונגען און פאָרגעפילן פון געשלעכטלעכן דראַנג. די אינעווייניקסטע סעקרעציע פון אייער־שטאָק הייבט זיך טאַקע אָן שוין ביים עמבריאָן; אָבער ביז דער געשלעכטלעכער צייטיקייט זענען די האָרמאָנען נישט גורם ביים מיידל קיין שום קאָנצענטראַציע פון די כוחות פאַר די געשלעכט־לעכע פּראָצעסן, ווי דאָס געשעט אין די שפּעטערדיקע יאָרן. פונדעסטוועגן זענען די אייערשטאָקן פון קליינעם מיידל נישט

אײנגאַנצן אומטעטיק *). אויך פאַר דער געשלעכטלעכער צײַטיקײט װערן אױסגעבילדעט אײ־פּענכערלעך, זײ קאָנען אָבער נישט װערן אײנגאַנצן צײַטיק און פריער אָדער שפּעטער גײען זײ אונטער. אַזױ־אַרום קומט נישט צו קײן אָװולאַציע, און עס פעלן יענע פּראָצעסן, װעלכע זענען ענג פאַרבונדן מיט דער עפענונג אָדער שפּאַלטונג פון די אײ־פּענכערלעך. נאָך פאַר דער געשלעכטלעכער צײַטיקײט װערט אַזױ־אַרום בהדרגה אױסגעגעבן אַ טײל פון די גאַמעטן, װעלכע אַנטשטײען אין אײערשטאָק בעתן עמבריאָנאַלן לעבן.

דער גאַנצער סכום גאַמעטן איז אומגעהײער גרױס אין פאַרגלײַך מיט די װירקלעכע באַדערפענישן פון יחיד, און דאָ זעען מיר אַן אײגנאַרטיקע „פאַרשװענדערישקײט" פון דער נאַטור, װעלכע װײַזט־אַרױס אַ שטרענגע עקאָנאָמיע בײַם אױפבױ פון די סאָמאַטישע געװעבן, קאַרגט אָבער נישט קײן מיטלען און מאַטעריאַלן, בעת עס האַנדלט זיך װעגן פאַרזיכערן די כסדרדיקײט פון לעבן אױף דער ערד. ס אַ פּ פּ י י האָט באַרעכנט, אַז כּדי אָנצופילן אַזאַ גרױסע שטאָט װי פּאַריז, װאָלטן געקלעקט די אײערשטאָקן פון צװײ פרױען, אױב אַלע אײ־קעמערלעך, װאָס אַנטשטײען אין זײ, װאָלטן באַפרוכפּערט געװאָרן. דידאָזיקע צאָלן זענען אפשר אַ גוזמא, אָבער אױך לױט דער מײנונג פון אַנדערע געלערנטע איז דער סכום גאַמעטן בײ דער פרױ זײער גרױס. אַזױ האַלט װ אַ ל ד י י ע ר, אַז אין די צװײ אײערשטאָקן פון אַ נײ־געבױרן מײדל געפינען זיך נישט װײניקער פאַר 100.000 גאַמעטן. כּדי זיך פאָרצושטעלן קאָנקרעט דידאָזיקע צאָל, דאַרף מען זיך דערמאָנען, אַז די צאָל האָר אױפן קאָפּ איז גלײַך לערך 80.000, און די צאָל שטערן אױפן הימל, געזען אָן דער

*) לעצטנס (1926) האָט ה אַ ר ט מ אַ ן אױסגעפאָרשט אַ ריזיקע צאָל אײערשטאָקן פון מײדלעך אין פאַרשידענעם עלטער. אױף אַלע סטאַדיעס פון 7־טן חודש פון עמבריאָנאַלן לעבן אָן ביז דער געשלעכטלעכער צײַטיקײט האָט ער געפונען אַן אױסבילדונג פון אײ־פּענכערלעך. זײער אַנטװיקלונג דערגײט אָבער נישט ביז צום סוף.

הילף פון אַ טעלעסקאָפּ, גרייכט נישט ביז 7.000. אין אייערשטאָק פון אַ ניי־געבוירן מיידל באַהאַלטן זיך בכן די מעגלעכקייטן פון נייע לעבנס אין אַ צאָל, וואָס איז 15 מאָל גרעסער פאַר דער צאָל שטערן, געזעענע מיטן בלויזן אויג, און איז עטוואָס גרעסער פאַר דער צאָל האָר אויפן קאָפּ פון אַ דערוואַקסענעם מענטש.

פון דעמדאָזיקן ריזיקן זאַפּאַס פאַרוואַנדלט זיך סוף־כל־סוף בלויז ווייניקער ווי 1 % אין רייפע גאַמעטן, 99 % שטאַרבן־אָפּ, נישט פרוווּנדיק אַפילו זיך צונויפגיסן מיט אַ מענלעכער גאַמעטע. די גאַמעטן זענען נישט פולקום גלייך איינע צו די אַנדערע. איטלעכע פון זיי האָט איר אינדיווידועלקייט *), איר אייגענע פעיקייט צו אַנטוויקלען באַשטימטע באַזונדערקייטן, כאַראַקטעריסטישע פאַר אַזאַ אָדער פאַר אַן אַנדערן בוי פון אָרגאַניזם. דערפאַר לייגט זיך אויפן שכל, אַז אין אייערשטאָק קומט־צושטאַנד אַ געוויסע אויסוואַל פון גאַמעטן. אייניקע היסטאָלאָגישע **) בילדער, וועלכע מיר זעען אין אייערשטאָק, איז לייכטער פאַר אַלץ אויס־צוטייטשן דווקא אין זין פון אַן עקזיסטענץ־קאַמף צווישן די גאַמעטן. דערביי בלייבן ביים לעבן די שטאַנדהאַפטיקערע און

---

*) דידאָזיקע אינדיווידועלקייט אָדער „איינמאָליקייט“ פון די גאַמעטן איז צו זען אפילו ביי אַ מיקראָסקאָפּישער אונטערזוכונג (גענויע אויסמעסטונג פון די קעמערלעך, פון זייערע טיילן און פון די פאַרהעלטענישן צווישן די טיילן) און שטאַמט, ווייזט־אויס, — אין גרונט גענומען — פון כעמישע אונטערשידן. דאָס קעמערל און די מאָלעקולן פון זיין לעבעדיקן שטאָף האָבן אַזאַ קאָמפּליצירטן בוי, אַז מען קאָן זיך פאָרשטעלן אַן אומבאַשרייבלעך גרויסע צאָל מעגלעכע קאָמבינאַציעס פון פאַרשידענע אייגנשאַפטן. לויט ראָזעמאַנען (1921) איז די צאָל מעגלעכע קאָמבינאַציעס פון אייווייסן נישט קלענער פאַר 1 קווינטיליאָן, אויב מען זאָל אָננעמען, אַז עס זענען פאַראַן 20 פאַרשידענע אַמינאָ־זויערסן אָדער פּראָדוקטן פון צעשפּאָלטענע אייווייסן.

**) היסטאָלאָגיע — קענטשאַפט פון די געוועבן אין אָרגאַניזם. די געוועבן ווערן געפאָרשט דורך באַאָבאַכטונגען אין מיקראָסקאָפּ, און אַ היסטאָלאָגיש בילד באַדייט דאָס בילד פון פיינסטן געוועב, געזען ביי אַ פאַרגרעסערונג אין מיקראָסקאָפּ.

שטאַרקערע גאַמעטן. זיי נעמען־צו די נאַרונגס־שטאָפן ביי די שוואַכערע גאַמעטן אָדער ביי אַזעלכע גאַמעטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין וויניקער גינסטיקע באַדינגונגען בנוגע צו דער־נערונג. נישט געאַכט אויפן פעלן פון אָוווּלאַציע, פאַרקלענערט זיך מחמת אַלעם דעם די צאָל גאַמעטן אין אייערשטאָק פון אַ מיידל, וואָס איז נאָך נישט געשלעכטלעך רייף. האַנזעמאַן האָט געפונען אין איין אייערשטאָק פון אַ 14־חדשימדיק מיידל 48.808 גאַמעטן, ביי אַ צוויי־יאָריקער — שוין 46.174, ביי אַן אַכט־יאָריקער — 25.656, און ביי אַ צען־יאָריקער — בלויז 20.862. ביי אַ געשלעכטלעך רייפן מיידל אין עלטער פון 17 — 18 יאָר געפינען זיך אין יעדן אייערשטאָק נישט מער ווי 5.000 — 7.000 איי־קעמערלעך.

די אויסבילדונג פון איי־פענכערלעך אין דעם געשלעכטלעך נישט־רייפן אייערשטאָק, וועלכע פאַרענדיקט זיך מיט זייער אָפּ־שטאַרבן, איז פונדעסטוועגן נישט סתּם אַזוי אַ פּראָצעס און ברענגט צו אַ ריי פיזיאָלאָגישע רעזולטאַטן פאַרן אָרגאַניזם. עס זענען נאָך פאַראַן אין דער פראַגע געוויסע מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן די פאָרשער. די מייסטע האַלטן אָבער, אַז די קעמערלעך, וועלכע גייען־אַריין אין באַשטאַנד פון די ווענטלעך אין איי־פענכערל, זענען נישט בלויז באַרופן צו פאַרטיידיקן די איי־קעמערלעך און צו פאַרזען זיי מיט נאַרונגס־שטאָפן, נאָר אַז זיי זענען גלייכצייטיק אינקרעטאָרישע עלעמענטן. די אויספאָרשונג פון אַ ריי פרעפּאַראַטן און די באַאָבאַכטונגען, וועלכע זענען גע־מאַכט געוואָרן אין מיין לאַבאָראַטאָריע, האָבן אויך ביי מיר געשאַפן די איבערצייגונג, אַז אין אייערשטאָק איז נישטאָ קיין שטרענגע אַרבעטס־פאַרטיילונג, ווי דאָס האָבן אָנגענומען שטיינאַך און אַנדערע מחברים. לויט זיי איז אויסגעקומען, אַז די איי־פענכערלעך האָבן בלויז דעם איין אויפטו צו שפּייזן דאָס איי־קעמערל, און לויט די נייעסטע פאָרשונגען קומט־אויס, אַז דאָס געוועב פון די איי־פענכערלעך באַזיצט אויך אייגנשאַפטן פון אינע־וויניקסטער סעקרעציע. אויב אַזוי, דאַרף מען דרינגען, אַז די פריער באַשריבענע אָנקווע לונג פון די איי־פענכערלעך, וועלכע

לאָזט זיך נישט אויס מיט זייער פּלאַצן, שטעלט מיט זיך פאָר אַ קוואַל פון אינעווייניקסטער סעקרעציע, וועלכע באַרייכערט דאָס בלוט מיט געשלעכטלעכע האָרמאָנען. צוזאַמען מיט די אינקרעטן פון אַנדערע אָרגאַנען פאַרזיכערן דידאָזיקע האָרמאָנען די אייניקייט און האַרמאָניע פון אַלע קערפּער-עלעמענטן, זיי האַלטן-אונטער יענע סעקונדערע געשלעכטלעכע סימנים, וועלכע באַווייזן זיך שוין ביים קליינעם מיידל, און גרייטן בהדרגה צו די ענדערונגען, וועלכע זענען נויטיק, כדי צו פאַרוואַנדלען דאָס מיידל אין אַ געשלעכטלעך רייפן יחיד.

בעתן אָפּשטאַרבן פון די איי-פּענכערלעך אין די אייער-שטאָקן פון מענטשן און אייניקע בעלי-חיים, בילדן זיי חוץ דעם אויס פון זייער זאויסנווייניקסטן פאַרבינדונגס-געוועביקן הייטל גרופּן אָדער פּאַקעטן קעמערלעך. דידאָזיקע נייע קעמערלעך, די אַזויגערופענע צווישן-קעמערלעך זענען אָנגעפּילט מיט טראָפּעלעך פעטס-ענלעכע שטאָפן און זענען אַרומגעשפּינט מיט בלוט-געפעסן. דער פּריצייטיקער אונטערגאַנג פון יעדן איי-פּענכערל ווערט בכן באַגלייט מיט דער אַנטשטייונג פון נייע גרופּן צווישן-קעמערלעך. וועגן דער באַדייטונג פון דידאָזיקע קעמערלעך ווערט נאָך ביזאיצט געפירט אַ פּאָלעמיק אין די ספּעציעלע צייטשריפטן. אייניקע מחברים פאַרלייקענען די אינקרעטאָרישע פונקציע פון די איי-פּענכערלעך און זענען גענויגט צו זען גראָד אין דידאָזיקע צווישן-קעמערלעך, אַזוי-צו-זאָגן, „פאַבריקן" פון געשלעכטלעכע האָרמאָנען; אַנדערע פאָרשער ווידער האַלטן, אַז די ראָלע פון דידאָזיקע קעמערלעך איז אַ צווייטראַנגיקע לגבי די איי-פּענכערלעך. לעצטנס געפינט אַלץ מער און מער אָנהענגער דער צווייטער שטאַנדפּונקט. ער ווערט פולקום באַשטעטיקט אויך דורך די באַאָבאַכטונגען, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן אין מיין לאַבאָראַטאָריע. ס'איז שווער אָנ-צונעמען דידאָזיקע קעמערלעך פאַר אינקרעטאָרישע אָפּטיילונגען פון אייערשטאָק שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ביי אַ ריי בעלי-חיים זענען זיי אינגאַנצן נישטאָ און אָפט זענען זיי פאַרשידן שטאַרק אַנטוויקלט אַפילו ביי נאָענטע צווישן זיך בעלי-חיים.

בעסער פאַר אַלץ איז באַגרינדעט דער שטאַנדפּונקט, אַז די גרופּן צווישן־קעמערלעך זענען אַן אָרגאַן צו באַדינען דעם שטאָף־אויסטויש. זיי פאַרמיטלען צווישן די געוועבן פון דער אייגנטלעכער געשלעכטלעכער אָפּטיילונג און די בלוט־געפעסן. אַלע צוזאַמען בילדן זיי אַ מחיצה צווישן בלוט, ד. ה., די סאָמאַטישע געוועבן און די געשלעכטלעכע עלעמענטן. דערדאָזיקער באַריער דערלאָזט נישט פון איין זייט, אַז די טאָקסינען, וועלכע אַנטשטייען אָדער קאָנען זיך געפינען אין בלוט, זאָלן פאַרסמען די גאַמעטן. פון דער אַנדערער זייט באַקומט ער אַרויס פונם בלוט־שטראָם און האַלט־איין יענע שטאָפן, וועלכע זענען אומבאַדינגט נויטיק פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַרן רייף־ווערן פון די געשלעכטלעכע קעמערלעך.

מיר האָבן נאָך אָבער דערמיט נישט אויסגעשעפּט די ענדערונגען, וועלכע קומען־פאָר אין מיידלשן אָרגאַניזם בעתן ערשטן פּעריאָד פון איר לעבן. דער אייערשטאָק איז בלויז איין רינג אין דער קייט פון אָרגאַנען, וועלכע ווירקן אויפן קערפּער דורך אויסבילדן זיינע פאָרמען און רעגולירן זיינע פונקציעס. אַ דאַנק זיינע האָרמאָנען איז דער אייערשטאָק גאָר ענג פאַרבונדן פיזיאָלאָגיש מיט אַנדערע ענדאָקרינע אָרגאַנען, ווי אויך מיטן נערוון־סיסטעם. דערפאַר געפינען מיר אין קינדערשן אָרגאַניזם אַ זייער קאָמפּליצירטע און אויסערגעוויינלעך פאַרפלאָנטערטע קרייצונג פון אינקרעטאָרישע ווירקונגען מיט נערוון־ווירקונגען. זייער צוזאַמענווירקונג באַשטימט דעם גאַנצן ווייטערדיקן פיזיאָלאָגישן וועג פון אָרגאַניזם.

מיר זעען בכן, אַז אין דעמדאָזיקן ערשטן פּעריאָד קומט־פאָר אַ ריי דעליקאַטע ענדערונגען אין קערפּער, וועלכע גרייטן־צו און באַשטימען דעם ווייטערדיקן גורל פון ביאָלאָגישן יחיד. דידאָזיקע פּראָצעסן גיבן אָבער נישט קיין גרונט צו רעדן וועגן ביאָלאָגישן טראַגיזם אין דעם עלטער. דערווייל זענען נאָך ביידע געשלעכטער ביאָלאָגיש גלייכבאַרעכטיקט, און דאָס לעבן פון מיידל איז פּונקט אַזוי האַרמאָניש און פול מיט לעבנס־פרייד, פּונקט אַזוי אָפן פאַר אָנגענעמע איבערלעבונגען, ווי דאָס לעבן פון ייִנגל.

## VI

**געשלעכטלעכע צייטיקייט — דער אָנהייב פון צווייטן עטאַפּ אין לעבנס־וועג פון דער פרוי. — וואָס איז אָווולאַציע און ווי אַזוי קומט זי פאָר? — געלע קערפּערס. — דורכגאַנג פון אַ גאַמעטע דורכן איי־פירער. — די מאָנאַטלעכע און זייער באַדייטונג. — ציקל פון פיזיאָלאָגישע ענדערונגען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער אָווולאַציע.**

די ערשטע אָווולאַציע איז אומגעהייער וויכטיק אין לעבן פון דער פרוי: זי באַדייט דעם סוף פון דער גליקלעכער קינדהייט. אין דעם מאָמענט הייבט זיך אָן פאַר דער פרוי דער צווייטער פעריאָד פון לעבן, ווען זי געפינט זיך אין ווייניקער גינסטיקע באַדינגונגען בנוגע צו דער אַנטוויקלונג פון איר אינדיווידועלקייט, ווי אירע חברים מאַנסבילן פון זעלביקן עלטער. אין איר קערפּער הייבן זיך אָן זייער וויכטיקע פּעריאָדישע פּראָצעסן, וועלכע פאַרכאַפּן און באַהערשן אַלע זייטן פון איר לעבן.

די ערשטע אָווולאַציע באַדייט געשלעכטלעכע צייטיקייט. זי איז דער לעצטער רינג אין דער קייט פון די זייער וויכטיקע פּראָצעסן, וועלכע הייבן זיך אָן נאָך אין דער פריער קינדהייט. דער געשלעכטלעכער אַפּאַראַט ווייזט זיך איצט אַרויס פאַר גרייט צו דינען דעם מין און ער מאַכט רעגולערע פּרוּוון צו רעאַליזירן די מעגלעכקייטן, וועלכע ער פאַרבאַהאַלט אין זיך.

די גאַנצע פיזיאָלאָגישע „פּראָדוקציע" פון קערפּער ווערט איצט איבערגעבויט אויף אַ נייער אַרט און שטייגער. די

קאָמפּליצירטע אינעווייניקסטע פּראָצעסן, וועלכע קומען־פאָר אין די טיפעניש פון מיידלשן קערפּער, שפּיגלען זיך אָפּ אין געענדערטן אויסערלעכן אויסזען. די קינדערשע פּראָפּאָרציעס פון קערפּער ווערן פאַרביטן דורך ענדגילטיקע פאַרהעלטענישן צווישן פאַרשידענע טיילן פון אָרגאַניזם; אַלע ליניעס פון קערפּער פאַררונדיקן זיך און באַקומען, אַ דאַנק דער אָנזאַמלונג פון פעטס אונטער דער הויט, יענע צאַרטקייט און שיינקייט, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן קערפּער פון יונג־פרויען; די בריסטן וואַקסן זיך פאַנאַנדער און פאַררונדיקן זיך, די דרויסנדיקע געשלעכטלעכע טיילן פאַרגרעסערן זיך, באַדעקן זיך מיט פּיגמענט און באַוואַקסן געדיכט מיט האָר. גלייכצייטיק בייט זיך שאַרף דער כאַראַקטער פון מיידל. די קינדערשע שטיפערישקייט און לעבנס־פריילעכקייט פאַרוואַנדלט זיך אין אַ שפּילעוודיקער קאָקעטעריע אָדער אין אַ נישט־נאַטירלעכער אָפּגעשלאָסנקייט, אין פאַרחלומטקייט און אָפּהענטיקייט, אָדער גאָר אין אַן ענטוזיאַסטישער נישט־איינגעהאַלטנקייט און עקזאַלטירטקייט.

מערער פאַר אַלץ וואַרפן זיך אין די אויגן די פּעריאָדישע בלוטונגען פון די געשלעכטלעכע אָרגאַנען, וועלכע ווערן אָנגע־רופן מענסטרואַציעס אָדער מאָנאַטלעכע. זיי זענען מערער פון אַלץ באַקאַנט ווי אַ סימן פון דער געקומענער גע־שלעכטלעכער צייטיקייט.

די דאָזיקע פּעריאָדישע בלוטונגען זענען בלויז אַ סימפּטאָם פון די ריטמישע ענדערונגען אין אָרגאַניזם, וואָס זייער אויס־גאַנגס־פּונקט און אור־קוואַל זענען ווידעראַמאָל די גאַמעטן.

ווי מיר האָבן געזען, פלעגן די גאַמעטן ביז דער גע־שלעכטלעכער צייטיקייט זיך נישט אַנטוויקלען ביז צום סוף; די איי־פּענכערלעך אין די אייערשטאָקן פלעגן אָנקוועלן, אָבער זיך נישט עפענען און נישט אַרויסלאָזן קיין רייפע איי־קעמערלעך.

אין צווייטן עטאַפּ פון ווייבלעכן לעבן הייבן די איי־פּענכערלעך אָן נאָרמאַל זיך אויסצולײדיקן. די דאָזיקע „פּענכערלעך", וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך רייף־ווערנדיקע ווייבלעכע גאַמעטן, באַווייזן זיך פּעריאָדיש אויף דער אויבערפלאַך פון אייערשטאָק

אין דער פאָרם פון האַלב-דורכזיכטיקע דערהייבונגען, ענלעכע צו וואַסער-מאָזאָליעס. אין דער צייט ווען איינע פון זיי האָבן זיך שוין שטאַרק פאַרגרעסערט, זענען אַנדערע בלויז מיטל-גרויס, און דריטע זעען זיך ערשט קוים מיטן בלויזן אויג. די גאַנצע אויבער-פלאַך פון אייערשטאָק ווערט מחמת דעם נישט-גלאַט און באַדעקט זיך מיט בערגעלעך. אינעווייניק איז דאָס איי-פענכערל אָנגעפילט מיט אַן אייוויס-פליסיקייט, וואָס באַשווענקט סיי די ווענטלעך פון פענכערל, סיי די גאַמעטע. די לעצטע איז איינגעשלאָסן אין אַ באַזונדערער פאַלד פון דער אינעווייניקסטער שיכט פענכערל. דאָס ווענטל גופא פון פענכערל באַשטייט פון אַן אינעווייניקסטער שיכט אַזויגערופענע עפּיטעל-קעמערלעך און פון אַ געוועביקער הילע (פון פאַרבינדונגס-געוועב). די עפּיטעל-קעמערלעך זענען פאַנאַנדערגע-טיילט אין עטלעכע גאָרנס און האָבן אַ מער אָדער ווייניקער רעגולערע פאָרם. די געוועביקע הילע איז דורך-און-דורך פול מיט בלוט-געפעסן.

בעתן רייף-ווערן פון איי-פענכערל, ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער די שפּאַנונג פון דער פליסיקייט, אין אים, און די ווענטלעך, פאַנאַנדערגעצויגן דורך דער פליסיקייט ווערן אַלץ דינער און דינער. אויף דער אויבערפלאַך פון אַזאַ רייף-ווערנדיקן פענכערל ווערט קאָנטיק אַ העלערער אָרט, ווו עס גייען-אַדורך ווייניקער בלוט-געפעסן, און אַזוי-אַרום ווערט אָנגעמערקט דער פונקט, אין וועלכן דאָס פענכערל וועט זיך צערייסן. די ווענטל-געוועבן פון פענכערל האַלטן סוף-כל-סוף נישט אויס די שפּאַנונג און צערייסן זיך. דורכן ריס גיסט זיך אַרויס די פליסיקייט, וועלכע איז געווען אַנטהאַלטן אין פענכערל, און עס שפּרינגט-אַרויס, ווי אַ ביינדל פון אַ צעקוועטשטער ווייַנטרויב, אַ רייף איי-קעמערל. פון די צעריסענע בלוט-געפעסן גייט-אַרויס אַ ביסל בלוט און מישט זיך אויס מיט דער פליסיקייט, וואָס איז אַרויסגעפלאָסן פון איי-פענכערל. אָט דער פּראָצעס, ד. ה., די צערייסונג פון איי-פענכערל ווערט עס אָנגערופן אָ וו ו ל אַ צ י ע. ער גייט-אַדורך אומבאַמערקט פאַר דער פרוי, אָן וואָסער-נישט-איז אָנטייל פון איר באַוווסטזיין.

די גאַמעטע, וועלכע פליסט צוזאַמען מיטן טראָפּן בלוטיקער פליסיקייט איבער דער אויבערפלאַך פון אייערשטאָק, ווערט

דערנאָך ווי דורך אַ זויג־פּאָמפּע אויפגעכאַפּט דורך די באַוועגטע הערצלעך פון די פּימבריען, ווערט אַריינגעצויגן אין דער בויך־עפענונג פון איי־פירער און אַריבערגעפירט אין זיין אינערן טייל *).

אין דערזעלביקער צייט הייבט־אָן זיך מערקווירדיק צו פאַרענדערן דאָס אויסגעליידיקטע איי־פּענכערל. זיינע איינגעפאַלענע ווענטלעך שטאַרבן נישט אָפּ, נאָר, פאַרקערט, הייבן־אָן זיך פאַנאַנדערצוּוואַקסן. עס פאַרגרעסערן זיך די אויסמעסטונגען פון זיינע עפּיטעליאַלע קעמערלעך, וועלכע טיילן זיך אינטענסיוו און פאַרנעמען בהדרגה דעם גאַנצן חלל פון פריערדיקן פענכערל. זייער פּראָטאָפּלאַזמע ווערט אָנגעפילט מיט פאַרשידן־גרויסע טראָפּנדלעך פעטס־ענלעכע שטאָפן. די לעצטע זענען באַפאָרבן אין אָראַנזש דורך אַ באַזונדערן פאַרב־שטאָף, דעמזעלביקן, וואָס אין די געלע בלעטער פוןביימער. די פאַרבינדונגס־געוועביקע הילע פון פריערדיקן איי־פּענכערל וואַקסט גלייכצייטיק אַריין צוזאַמען מיט די געפעסן אין דעמדאָזיקן קאָמפּלעקס פאַנאַנדערגעוואָקסענע קעמערלעך און בילדעט אַרום זיי אַ געדיכטע נעץ. די קעמערלעך ווערן אַזוי־אַרום אַריינגעצויגן אין אַ גאָר נאָענטער פאַרבינדונג מיט די בלוט־געפעסן. בהדרגה אַנטשטייט אויפן אָרט פון פריער־דיקן איי־פּענכערל אַ מאַסיווער קערפּער פול מיט בלוט־געפעסן. ער סטאַרטשעט־אַרויס ווי אַן אָראַנזש־געלער בייל אויף דער אויבערפלאַך פון אייערשטאָק און ווערט אָנגערופן געלער

---

*) אין משך פון אַ לאַנגער צייט איז נישט געווען באַוווּסט, צי מוזן די גאַמעטן, וואָס ווערן אויסגעטיילט דורכן אייערשטאָק אַריינקומען אומבאַדינגט אין איי־פירער פון דערזעלביקער זייט, אָדער צי איז מעגלעך, זיי זאָלן אַריינפאַלן אין איי־פירער פון דער קעגנאיבערדיקער זייט (צ. ב., פון לינקן אייערשטאָק אין רעכטן איי־פירער). ביי היינט־צו־טאָג איז די פראַגע פאַרענטפערט אין דעם זין, אַז אַזאַ איבערגאַנג איז מעגלעך. מען האָט, למשל, געפּרוּווט ביי אַ קראָליק אויסשניידן דעם רעכטן אייערשטאָק און דעם לינקן איי־פירער. נישט געקוקט דערויף איז פאָרגעקומען אַ שוואַנגערשאַפט. פּ אַ ר ק ס (1924) מיינט אָבער, אַז דאָס איי „וואַנדערט״ פון איין זייט אויף דער אַנדערער זייער זעלטן. לכל הפחות ביי קראָליקעס האָט ער נישט באַמערקט קיין איין פאַל פון שוואַנגער־שאַפט נאָכן באַזייטיקן דעם אייערשטאָק פון איין זייט און איבערשניידן דעם איי־פירער פון דער אַנדערער זייט.

קערפער. אין דער צייט, ווען די גאַמעטע וואַנדערט דורכן איי-פירער, אַנטשטייט אַזוי-אַרום אין אייערשטאָק אַ גאַנצער נייער אָרגאַן פון דעם קעמערל-מאַטעריאַל, וואָס איז איבער-געבליבן פון איי-פּענכערל. דער נייער אָרגאַן שטייט אין אַ פאַר-בינדונג מיט די בלוט-געפעסן. עקספערימענטעלע אונטערזוכונגען פון אַ גרויסער צאָל געלערנטע שטעלן-פעסט, אַז דער געלער קערפער איז אַ צייטווייליקע דריז מיט אינעווייניקסטער סעקרעציע. בכן באַקומט זיך אַזאַ בילד: ווי מיר ווייסן שוין, ווערן געשלעכטלעכע האָרמאָנען אויסגעשיידט דורך רייף-ווערנדיקע איי-פּענכערלעך און, ווייזט-אויס, אויך דורך איי-פענכערלעך, וואָס האַלטן אין צוריק-אַנטוויקלען זיך. נאָכן אָנקומען פון דער געשלעכטלעכער צייטיקייט ווערן דידאָזיקע האָרמאָנען אויסגעשיידט אין באַדייטנד גרעסערע סכומים. צו זיי קומט נאָך איצט צו די אינעווייניקסטע סעקרעציע פון געלן קערפּער.

ביים מאַנסביל געפינען מיר נישט קיין אַנאַלאָגישע דער-שיינונג צו דערדאָזיקער מעכטיקער כוואַליע כעמישע אויפרייצונגען, וועלכע דרינגט-אַריין אין דער פיזיאָלאָגישער ווירטשאַפט פון קערפּער. אין דער מענלעכער געשלעכטלעכער דריז איז די אינעווייניקסטע סעקרעציע אַ סך גלייכמעסיקער. אין אייערשטאָק איז די אינקרעציע, אַזוי-צו-זאָגן, אַ טאָפּלטע. די אינעווייניקסטע סעקרעציע פון די איי-פענכערלעך האַלט-אונטער הויפּטזאַכלעך די ווייבלעכע סעקונדער-געשלעכטלעכע סימנים און „עראָטיזירט" דעם מאַרך. אין דערזעלביקער צייט קאָנצענטרירן די אינקרעטן פון געלן קערפּער אַלע כוחות פון אָרגאַניזם אויף דער זאָרג וועגן אויסגעטיילטן איי-קעמערל און באַשאַפן אין געשלעכטלעכן אַפּאַראַט די נויטיקע באַדינגונגען פאַרן צושטאַנד-קומען פון אַ באַפרוכפערונג. די אינקרעטן פון געלן קערפּער טאָרמאָזירן קודם-כל די אַנדערע איי-פענכערלעך אין אייערשטאָק און דערלאָזן נישט צו קיין נייער אָוולאַציע, כל-זמן עס האָט זיך נאָך נישט אויפגעקלערט דער גורל פון אָקאָרשט באַפרייטן איי-קעמערל. חוץ דעם באַאיינפלוסן די האָרמאָנען פון געלן קערפּער דאָס שליים-הייטל פון דער געבויר-מוטער אַזוי, אַז עס איז גרייט

אויפצונעמען די גאַמעטע, אויב די לעצטע וועט באַפרוכפערט ווערן.

די וואַנדערונג פון דער גאַמעטע איבערן איי־פירער אין דער ריכטונג צו דער געבויר־מוטער דויערט גאַנץ לאַנג, יעדנפאַלס נישט ווייניקער פאַר עטלעכע טעג. לאָדע האָט געפרוווט באַשטימען די באַוועגונגס־געשווינדקייט פון אַ קערפער, וואָס האָט לערך די אויסמעסטונגען פון איי־קעמערל און רוקט זיך פאָרויס אַ דאַנק די באַוועגטע הערעלעך פון איי־פירער. ער האָט געפונען, אַז פאַר אַ קראָליק איז דידאָזיקע געשווינדקייט גלייך 4–5 מילימעטער אין אַ מעת־לעת. אַזוי־אַרום דאַרף געדויערן עטלעכע מעת־לעתן ביז דאָס איי־קעמערל וועט דערגיין צו דער געבויר־מוטער, ד. ה., צו יענעם אָרט, וווּ עס דאַרף זיך באַזעצן אָדער, ווי מען דריקט זיך אויס, „אימפּלאַנטירן" פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. אָבער אויב דאָס איי־קעמערל ווערט באמת באַוועגט בלויז דורך די הערעלעך, פרעגט זיך, צו וואָס נוצט די מוסקולאַטור פון די ווענטלעך אין איי־פירער? אין אַן אַרטיקל, וואָס איז ספּעציעל געווידמעט דעם דורכגאַנג פון דער ווייבלעכער גאַמעטע דורכן איי־פירער, זאָגט גראָסער אַרויס זייער אַן אינטערעסאַנטן געדאַנק, וועלכער באַווייזט, אַז דער ענין איז ווייט נישט איינפאַך. ער מאַכט אויפמערקזאַם, אַז ביי אַ סך בעלי־חיים ווי אויך ביים מענטש איז דאָס שמעלסטע אָרט פון איי־פירער נישט אַנטשפּרעכנד קליין לגבי דעם דורכמעסטער פון דער גאַמעטע. אויסמעסטונגען האָבן באַוויזן, אַז די גאַמעטע קאָן בלויז מיט גרויסע שוועריקייטן זיך אַדורכשטופּן דורך דעם שמעלסטן אָרט פון איי־פירער. דערביי רוקט זי אינגאַנצן אָפּ די פאַלדן פונם שליים־הייטל און ציט טיילווייז פונאַנדער זיינע ווענטלעך. מען מוז בכן אָננעמען, אַז דער באַוועגטער שלאַך שטויסט־אַדורך די גאַמעטע פאַרהעלטנישמעסיק גיך בלויז דורכן נאָענטסטן צום אייערשטאָק טייל פון איי־פירער. בעת די גאַמעטע קומט־אַריין אין שמעלערן טייל, מוז זי אָדער דאָ בלייבן שטעקן, אָדער זיך אַדורכשטויסן פאָרויס אויסערסט פּאַמעלעך. אַ ריי מחברים האָבן פאַר די לעצטע יאָרן פעסט-

געשטעלט, אַז די איי־פירער מאַכן סיי ביי מענטשן, סיי ביי בעלי־חיים באַשטימטע, אַזוי־צו־זאָגן, קריכערישע באַוועגונגען. אַ דאַנק דידאָזיקע באַוועגונגען רוקט זיך פאָרויס דער אינהאַלט פון איי־פירער, און דאָס איי־קעמערל קאָן זיך אַזוי־אַרום אַדורכשטופּן דורכן סאַמע שמאָלן טייל איי־פירער.

קיינעם איז נאָך נישט געלונגען דירעקט צו באַאָבאַכטן ביי אַ לעבעדיקער פרוי, ווי אַזוי אַ גאַמעטע גייט־דורך פון אייערשטאָק אין דער געבויר־מוטער. באַאָבאַכטונגען פון בעלי־חיים און אייניקע זייטיקע ראיות ווייזן אָבער, אַז די פריער־געבראַכטע דאַטן (2½ — 4 מעת־לעתן) דאַרפן פאַרגרעסערט ווערן און אַז די גאַמעטע קומט אין דער געבויר־מוטער נישט פריער ווי אין 7—8 טעג נאָך איר אַרויסגאַנג פון אייערשטאָק. דערווייל באַווייזט דער געלער קערפּער זיך אויסצופורימען און אַפילו צוצוגרייטן דורך זיינע האָרמאָנען דאָס שליים־הייטל פון דער געבויר־מוטער צו דעם אויפנעם פון איי. די האָרמאָנען פון געלן קערפּער ווירקן אויף די ווענטל־געוועבן פון דער געבויר־מוטער און מאַכן איר אינעווייניקסטע אויבערפלאַך אויפנעם־פעיק פאַר דער גאַמעטע. מען זאָגט, אַז זיי סענסיביליזירן די געבויר־מוטער. אויב די גאַמעטע איז נישט באַפרוכפּערט געוואָרן, קומט זי געוויינלעך אַריין אין דער געבויר־מוטער שוין אין אַ צעפאַלונגס־צושטאַנד, און די סענסיביליזאַציע פונם שליים־הייטל בלייבט נישט־אויסגענוצט. אויב אָבער דאָס איי־קעמערל איז באַפרוכפּערט געוואָרן, באַווייזט עס ביז צום אַריינגאַנג אין דער געבויר־מוטער זיך צו פאַרוואַנדלען דורך טיילונג אין אַ גרופּע קעמערלעך, אין אַ קליינעם פיל־קעמערלדיקן עמבריאָן, וועלכער פרעסט זיך איין אין ווענטל פון דער געבויר־מוטער („אימפּלאַנטאַציע") און הייבט דאָ אָן זיך צו אַנטוויקלען ווייטער. וועגן גורל פון אַ באַפרוכפּערטער גאַמעטע וועלן מיר נאָך האָבן אַ געלעגנהייט צו רעדן שפּעטער, בעת מיר וועלן אַרומרעדן דעם דריטן פּעריאָד פון פרויען־לעבן. דערווייל אינטערעסירט אונז בלויז די צייט צווישן דער ערשטער אָוווּלאַציע און דעם ערשטן געשלעכטלעכן אַקט. אַלע ענדערונגען אין אייערשטאָק און אין די געשלעכטלעכע אָרגאַנען

קומען־פאַר אין דעם פעריאָד, אַזוי־צו־זאָגן, „אומנישט, אומגאָרנישט". די נישט־באַפרוכפערטע גאַמעטע, וועלכע האַלט שוין אין צעפאַלן זיך, האָט נישט קיין כוח זיך צו אימפּלאַנטירן נאָכן אַריינקומען אין דער געבויר־מוטער, וואָרום דערצו פאָדערט זיך אַ חוץ דער סענסיביליזאַציע פון דער געבויר־מוטער אויך אַ גע־וויסע אַקטיווקייט פונם עמבריאָן. ביים נישט־באַפרוכפערטן איי־קעמערל פעלט אַפילו יענער אַפּאַראַט, וואָס מיט זיין הילף דרינגט דער פילקעמערלדיקער עמבריאָן אַריין אין די געוועבן פון דער געבויר־מוטער. דערפאַר קומט נישט צו קיין אימ־פּלאַנטאַציע, דאָס איי קעמערל גליטשט זיך פריי אַרויס דורכן העלזל פון דער געבויר־מוטער אין דער שייד אַריין און ווערט אַרויסגעטראָגן אין דרויסן.

כל זמן עס גייט אָט דער פּראָצעס פון, אַזוי־צו־זאָגן, אַ „פוסטער שוואַנגערשאַפט", אַנטוויקלט זיך דער געלער קערפּער אַלץ ווייטער און ווייטער. לסוף סטאַרטשעט ער אויף דער אויבער־פלאַך פון אייערשטאָק אין דער פאָרם פון אַ בולטן, רויט־געלן, זאַפטיקן „געשוויר". איצט הייבט ער אָן צו וועלקן. זיינע זאַפטיקע קעמערלעך, אָנגעפּילטע מיט אָראַנזשענע פעטס־שטאָפן, פאַרקלענערן זיך און צעפאַלן בהדרגה. דער געלער קערפּער ווערט בהדרגה איינגעשרומפּן, פאַרלירט זיין כאַראַקטעריסטישע פאַרב און פאַר־וואַנדלט זיך סוף־כל־סוף אין אַ קוים באַמערקבאַרן נאַרב, וועלכער ווערט מיט דער צייט אינגאַנצן פאַרגלעט.

נאָך דער פאַרוועלקונג פון געלן קערפּער שטעלט זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אָפּ אויך זיין אינקרעציע און עס הערט־אויף די אַזויגערופענע „סענסיביליזאַציע פון דער געבויר־מוטער". דידאָזיקע גאַנצע מאָביליזאַציע, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, פונם שליים־הייטל אין דער געבויר־מוטער גייט אָבער נישט דורך פאַר דער לעצטער אומבאַמערקטערהייט. זי רופט־אַרויס ביז גאָר טיפע היסטאָלאָגישע ענדערונגען, וואָס זייער דרויסנדיקער אָפּקלאַנג זענען די באַנאַטלעכע בלוטונגען *).

*) אַמאָל איז צווישן ביאָלאָגן און פּקושערן געווען זייער פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז די אָוולאַציע פאַלט־צונויף מיט דער מענסטרואַציע. איצט האָט

שוין אין מאָמענט, ווען ס'ווערט אָפּגעשוואַכט די אינקרעציע פון געלן קערפּער, הייבט-אָן דאָס שליים-הייטל פון דער גע־בויר-מוטער אָנצוקוועלן און ווערט לערך אין 4 מאָל גרעבער ווי גע־וויינלעך. זיין פאַרבינדונגס-געוועביקער יסוד ווערט איבערפלייצט מיט לימפע און אָנגעפילט מיט פאַרבלאָזע בלוט-קעמערלעך. די בלוט-געפעסן פאַרברייטערן זיך און פילן זיך אָן מיט בלוט. די דריזן-טרייבלעך ווערן עטוואָס ברייטער און גלייכן זיך אויס. די דרויסנדיקע שיכט קעמערלעך (דער אַזויגערופענער עפּיטעל) ענדערט זיך אויך, און אַ באַדייטנדיקער טייל פון די באַוועגטע קעמערלעך ווערט פאַרביטן דורך דריזן-קעמערלעך. צום אָנהייב פון די מאָנאַטלעכע בלוטונגען דערגרייכן דידאָזיקע ענדערונגען צו זייער העכסטער מדרגה. דאָס ווענטל מיט די דינסטע געפעסן אויפן אָנגעקוואָלענעם שליים-הייטל ווערט ווייכער. דאָס בלוט דרינגט-אַריין אונטערן עפּיטעל, רייסט-אַראָפּ גרעסערע אָדער קלענערע שטיקער זיינע און טראָגט זיי אַוועק צוזאַמען מיט דער לימפע דורכן העלזל פון דער געבויר-מוטער אין דער שייד און אויף אין דרויסן. צום סוף פון דער מענסטרואַציע ווערן די ווענטלעך פון די געפעסן ווידער גרעבער און לאָזן שוין מער נישט אַדורך קיין בלוט *). דאָס שליים-הייטל ציט זיך צונויף

דידאָזיקע אָנשויאונג מער נישט קיין אָנהענגער. דורך אַ גרויסער צאָל אונטערזוכונגען איז דערוויזן געוואָרן און מען קאָן האַלטן פאַר אַ פעסטגעשטעלטן פאַקט: 1) אַז די אָוואָלאַציע קומט נישט פאָר גלייכצייטיק מיט די מאָנאַטלעכע און 2) אַז זי קומט-פאָר פאַר די מאָנאַטלעכע בלוטונגען. נישט פאַרענטפערט איז בלויז די פראַגע, וואָס פאַר אַ צייט גייט-אַריבער צווישן די מאָנאַטלעכע און דער אָוואָלאַציע. לויט דער מיינונג פון אייניקע געלערנטע קומט די אָוואָלאַציע פאָר 12 טעג פאַרן אָנהייב פון דער מענסטרואַציע. לויט דער מיינונג פון אַנדערע געלערנטע — 14 טעג נאָך די מאָנאַטלעכע, גלייך נאָך דער מענסטרואַציע, 22 טעג נאָך די לעצטע מאָנאַטלעכע, 14—16 טעג נאָך דער מענסטרואַציע, אין דער צווייטער העלפט פון אינטערוואַל צווישן די מאָנאַטלעכע, אויפן 6—10-טן טאָג נאָך דער מענסטרואַציע א. אַ. וו. ס'איז נאָך נישט געלונגען גענוי פעסטצושטעלן אויך די געשווינדקייט, מיט וועלכער ס'ווערט רייף דאָס איי-פעכערל און ס'אַנטוויקלט זיך דער געלער קערפּער.

*) די מענסטרואַלע בלוטונג באַנייט דעם שליים פון דער געבויר-מוטער.

און באַקומט די נאָרמאַלע גרעב. די רעשטלעך פון אַרויסגעגאָסענעם בלוט און פון די אָפּגעשטאָרבענע געוועב-טיילן ווערן פונאַנדער־געזויגן, דאָס שליים-הייטל ווערט צוריק אויפגעבויט דורך רעגענעראַטיווע פּראָצעסן, זייער ענלעכע צו יענע פּראָצעסן, וואָס קומען-פאָר ביי דער פאַרהיילונג פון וועלכער־נישט־איז ווונד.

די בלוטונגען זענען בכן בלויז איין דערשיינונגס־פאָרם פון די קאָמפּליצירטע צעשטערנדיקע און אויפבויענדיקע פּראָצעסן, וואָס קומען-פאָר אין די ווענטלעך פון די געשלעכטלעכע אָרגאַנען. דעם תמצית פון דידאָזיקע פּראָצעסן קאָן מען איבערגעבן אַזוי: די סענסיביליזירטע שליים-הויט פון דער געבויר־מוטער, וועלכע איז פולקום צוגעגרייט אויפצונעמען אַן עמבריאָן, באַקומט אָנשטאָט דעם אויף איר אויבערפלאַך אַ נישט-באַפרוכפּערטע און צעפאַלנדיקע גאַמעטע. נאָך אַזאַ נישט־געלונגענעם פרווו פאַרנומען צו ווערן צעפאַלט די שליים-הויט, כדי דערנאָך ווידער אויפ־געשטעלט צו ווערן אין דער פריערדיקער פאָרם און צו פרווון פונדאָסניי פאַרווירקלעכן די פיזיאָלאָגישע אויפגאַבע, וואָס צו איר איז זי צוגעפּאַסט. אַ דאַנק דעמדאָזיקן פעריאָדישן בייט פון דער אינעוויינקסטער ווענטל-שיכט אין דער געבויר־מוטער,

---

לויט זוואָניצקין (1926) באַזייטיקט זי אחוץ דעם פערי״אַיש פון קערפּער דעם איבערפלוס אין בלוט. דערדאָזיקער איבערפלוס נעמט זיך, לויט זוואָניצקיס מיינונג, דערפון, וואָס דער ווייבלעכער אָרגאַניזם פּראָדוצירט זינט דער גע־שלעכטלעכער צייטיקייט עטוואָס מער בלוט, ווי עס פאָדערט זיך פאַר זיין אייגענער עקזיסטענץ. מחמת דעם אַנטשטייט אין אים פעריאָדיש אַ געוויסע פיזיאָלאָגישע פול-בלוטיקייט, וועלכע געפינט אַן אויסגאַנג אין די מאָנאַטלעכע, אָדער ווערט, אין פאַל פון אַ שוואַנגערשאַפט, אויסגענוצט פאַרן פאַרענדערטן שטאָף-אויסטויש. מיט דערדאָזיקער השערה וועגן פעריאָדישער פול-בלוטיקייט ביי דער פרוי שטימען די באַאָבאַכטונגען פון אייניקע געלערנטע וועגן די אַזוי־גערופענע וויקאַרישע בלוטונגען. עס זענען באַשריבן פאַלן, ווען ביי אַ פרוי זענען, צוליב אַן אָפּהאַלט פון די מאָנאַטלעכע, רעגולער פאָרגעקומען בלוטונגען פון די באַקן, ברוסט-ציצן, אויערן, מאָגן און אַפילו אינעוויינקסטן אויגן-ווינקל. דער אָרגאַניזם האָט פונקט ווי געשטרעבט זיך צו באַפרייען פון דער פול-בלוטיקייט אויף וואָסער-נישט-איז אַנדערן אופן, אויב דער נאָרמאַלער אַרויסגאַנגס-וועג פון בלוט דורך די געשלעכטלעכע אָרגאַנען איז צוליב דער אָדער יענער סיבה געווען פאַרמאַכט.

אַ דאַנק דערדאָזיקער מאָנאַטלעכער באַנייִונג אירער, איז זי שפּירעוודיק און קאָן זיך גיך אָפּרופן אויף די כעמישע סיגנאַלן, מיט וועלכע דער געלער קערפּער פאָדערט זי אויף זיך צוצוגרייטן און אויפצונעמען די אָנקומענדיקע גאַמעטע. אַ דאַנק דער כּסדר-דיקער באַנייִונג פאַרבלייבט זי חוץ דעם שטענדיק אויף דער הייך פון אירע פעיקייטן און, באַוואָפנט מיט אַלע אירע פיזיאָלאָגישע אייגנשאַפטן, איז זי גרייט צו באַגעגענען און אויפצונעמען די באַפרוכפּערטע גאַמעטע *).

מיר זעען בכן, אַז נאָכן קומען פון דער געשלעכטלעכער צייטיקייט שטעלן זיך איין גאַנץ קאָמפּליצירטע באַציִונגען צווישן די פאַרשידענע טיילן פון ווייבלעכן געבויר-אַפּאַראַט.

י. נ אָ וו אַ ק (1921), אין זיין לייכט-פאַרשטענדלעכער און מאָדערנער באַשרייבונג פון אייערשטאָק, באַמערקט ריכטיק, אַז דערדאָזיקער אָרגאַן האָט בלויז איין אויפגאַבע, אָבער אַ שטענדיקע און זייער אַ וויכטיקע אויפגאַבע, — דינען דער פאַרמערונג. די זאָרג וועגן גורל פון די איי-קעמערלעך פאַרנעמט טאַקע דעם צענטער פון זיין אויפמערקזאַמקייט. כּל-זמן דאָס איי-קעמערל געפינט זיך אין איי-פּענכערל, ווערט עס געשפּייזט דורך זיינע ווענטלעך. בעת דאָס איי-פּענכערל דערנענטערט זיך צום העכסטן רייפקייטס-פּונקט, שיידט עס אויס באַזונדערע אויפרייץ-שטאָפן (האָרמאָנען), וועלכע צירקולירן איבערן גאַנצן אָרגאַניזם און קאָנצענטרירן אַלע זיינע כּוחות דערויף, אַז די רייפע גאַמעטע זאָל אומבאַדינגט באַפרוכ-פּערט ווערן. בעת די אַלע פיזיאָלאָגישע ענדערונגען דערגייען צו זייער הייך-פּונקט, פּלאַצט דאָס פּענכערל, און דאָס איי-

---

*) ווי עס ווייזט-אויס, פאַרלייכטערט בלויז דידאָזיקע באַנייִונג דאָס פאַרנומען-ווערן. זי איז אָבער נישט אומבאַדינגט נויטיק. אין די יאָרן 1919 און 1920 האָבן אַ סך פרויען צוליב הונגער פאַרלוירן די מאָנאַטלעכע. די שליים-הויט האָט זיך בכן נישט געביטן פּעריאָדיש, דאָס האָט אָבער די פרויען נישט געשטערט צו פאַרשוואַנגערן. ד״ר ק ו ק (1894), וועלכער האָט אָנטייל-גענומען אין דער עקספּעדיציע פון לייטענאַנט פּ י ר י אין די צפונדיקע לענדער, האָט באַמערקט, אַז ביי די עסקימאָסינס הייבן זיך די מאָנאַטלעכע אָן אין עלטער פון 19—20 יאָר, זיי פאַרשוואַנגערן אָבער אָפּט אַ סך פריער.

קעמערל גייט-אַרויס פונם אייערשטאָק, דאָס ווענטל פון איי-פענכערל קאָן איצט מער נישט שפּייזן דירעקט דאָס איי. עס קלייבט-אויס אַן אַרומיקן וועג, דורכן בלוט, און פּאַרוואַנדלט זיך אין געלן קערפּער. דורך זיינע „כעמישע שליחים" רייצט-אויף דער געלער קערפּער די איי-פירער און די געבויר-מוטער, אַז זיי זאָלן אויסשיידן נאַרונגס-שטאָפן פאַרן איי און זיך צוגרייטן און פאַרענדערן, ווי עס איז אומבאַדינגט נויטיק פאַר דער איס-פלאַנטאַציע פון איי. ווי אַ רעזולטאַט פון זיין לעבנס-טעטיקייט, שיידט אויך דאָס איי-קעמערל פון זיין זייט אויס שטאָפן אינם בלוט. דידאָזיקע שטאָפן רייצן-אויף דעם געלן קערפּער און באַאיינפלוסן זיינע קעמערלעך צו אַ ווייטערדיקער טעטיקייט. אויב עס קומט נישט צו קיין באַפרוכפּערונג, גייט דאָס איי-קעמערל סוף-כל-סוף אונטער. גלייכצייטיק שטעלט זיך אָפּ אויך זיין אויפ-רייצנדיקע ווירקונג אויפן געלן קערפּער, און ער הייבט-אָן אָפּצושטאַרבן. דאָס שליים-הייטל פון דער געבויר-מוטער צעפאַלט טיילווייז און דעגענערירט (די מאָנאַטלעכע). אָבער אין דער-זעלביקער צייט, ווען עס שטעלט זיך אָפּ די אינקרעציע פון געלן קערפּער, הערט-אויף אויך זיין טאָרמאָזירנדיקע ווירקונג אויף די אַנדערע רייף-ווערנדיקע איי-פענכערלעך. אַ דאַנק דעם ווערט מעגלעך, עס זאָל זיך עפענען אַ ניי איי-פענכערל. עס הייבן-אָן צו ווירקן די אינקרעטן פון זיין ווענטל, דאָס שליים-הייטל פון דער געבויר-מוטער רעגענערירט, און עס הייבט זיך אָן פונדאָסנייי דער גאַנצער ציקל פיזיאָלאָגישע ענדערונגען.

---

## VII

**אנדערונגען אין אָרגאַניזם אין דער צייט פון די מענסטרואַלע בלוטונגען. — צושטאַנד פון ווייבלעכן נערוון-סיסטעם בעת די מאָנאַטלעכע. — ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון אַ געשלעכטלעך רייפער פרוי. — ווייבלעכע „נשמה".**

די פעריאָדישע אויסשיידונג פון גאַמעטן צעשפּאַלט דאָס גאַנצע לעבן פון דער פרוי זינט דעם מאָמענט, ווען זי ווערט געשלעכטלעך רייף, אויף מער אָדער ווייניקער רעגלמעסיקע צייט-אָפּשניטן אָדער אינטערוואַלן. די ריטמישקייט אָדער ציקלישקייט פון די פּראָצעסן, וואָס זענען באַשריבן געוואָרן אין פריִקן קאַפּיטל, וואָלט נאָך פאַר זיך אַליין נישט באַדייט קיין צוזאַמענשטויס צווישן די אינטערעסן פון יחיד און די אייזערנע געזעצן פון דער נאַטור. אין דעמדאָזיקן ריטם ווערן אָבער אַריינגעצויגן אויך אַ סך אַנדערע פונקציעס פון מענטשלעכן אָרגאַניזם.

די מענסטרואַציע איז לחלוטין נישט קיין לאָקאַלע דערשיינונג. דאָס איז בלויז איין סימפּטאָם, וואָס וואַרפט זיך מערער פאַר אַלץ אין די אויגן, אין דער אַלגעמיינער „מאָנאַטלעכער כוואַליע", וועלכע גייט-אַדורך פעריאָדיש איבערן גאַנצן קערפּער פון דער פרוי און פאַרכאַפּט מער אָדער ווייניקער אַלע אירע אָרגאַנען. מען קאָן זאָגן, אַז דער גאַנצער קערפּער פון דער פרוי פּולסירט מיט אַ רעגולערן פעריאָד פון 28 טעג. דידאָזיקע מענסטרואַלע כוואַליעס, וועלכע לויפן-דורך פאַמעלעך אָבער רעגלמעסיק דורכן אָרגאַניזם פון דער פרוי, האָבן אַ קאָלאָסאַלע

באַדייטונג פאַר איר פּיזיאָלאָגישן צושטאַנד. נישט אומזיסט האַלטן אייניקע מחברים, אַז די אַנטדעקונג פון דערדאָזיקער „ווייבערשער כוואַליע" איז געווען נישט ווייניקער וויכטיק ווי די געזעצן פון בלוט-צירקולאַציע, וועלכע זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך ה אַ ר ו ו י י.

„עס איז, ווייזט-אויס" — שרייבט ד"ר ז ש י כ אַ ר ע ו ו — „נישטאָ אין ווייבלעכן קערפּער קיין איין אָרגאַן, וואָס זיין רעגולערע טעטיקייט זאָל נישט באַאיינפלוסט ווערן בעת די מאָנאַטלעכע. אין גאַנצן אָרגאַניזם קומט-פאָר אַ פּיזיאָלאָגישע אויפטרייסלונג, די טעטיקייט פון אַלע אָרגאַנען ווערט צעשטערט און באַקומט אָפּט אַ פּאַטאָלאָגישן אָפּנויג".

לויט צאָל-רייכע אונטערזוכונגען פון אַ ריי געלערנטע, לאָזן זיך באַמערקן בעת די מענסטרואַלע בלוטונגען ביי פרויען פאָלגנדיקע ענדערונגען:

1. פאַלן פון טעמפּעראַטור.

2. פאַרשטאַרקטע אויסטיילונג פון וואַרימקייט דורך דער הויט אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, אָפּגעשוואַכטע איינשפּאָרונג פון וואַרימקייט.

3. פאַרלאַנגזאַמטער פּולס.

4. פאַרקלענערטער בלוט-דרוק.

5. סכום-ענדערונגען אין די בלוט-קעמערלעך.

6. ענדערונגען אין די לימפאַטישע אָרגאַנען, אין די מאַנדלען און אין אָרגאַנען מיט אינעווייניקסטער סעקרעציע.

7. פאַרקלענערטע צעפאַלונג פון אייווייסן; דאָס באַאיינפלוסט די אויסטיילונג פון אורין-שטאָף און דעם אַלגעמיינעם סכום שטיק-שטאָף אין אורין *).

---

*) עס זענען געמאַכט געוואָרן באַאָבאַכטונגען, אַז פרויען שיידן בלומרשט אויס בעת די מאָנאַטלעכע דורך דער הויט שטאָפן, וועלכע ווירקן ווי סם. אייניקע מחברים האָבן אַרויסגעזאָגט אַ השערה, אַז אַזאַ מענסטרואַלער גיפט איז דער כאָלין. אַ ב ד ע ר ה אַ ל ד ע ן (1925) מיינט, אַז אין דער ווירקלעכקייט ווערן בעת דעמדאָזיקן פּעריאָד בלויז אויסגעטיילט אין אַ גרעסערן סכום דיזעלביקע כעמישע פאַרבינדונגען, וואָס גייען-אַריין אין די נאָרמאַלע סעקרעטן פון דער הויט

8. פאַרקלענערטע אויסשיידונג פון פאָספאַטן און כלאָרידן; פאַרקלענערונג פון גאַז-אויסטויש.

9. אָפּגעשוואַכטע פאַרדייונג – אָפּגעשוואַכטע אַריינזויגונג פון אַזאָטיקע שטאָפן און פעטסן.

10. ענדערונגען אין די מילך-דריזן, ענלעכע צו די ענדערונגען, וואָס קומען-פאָר אין אָנהייב פון דער שוואַנגערשאַפט.

11. פאַרקלענערטע לעבנס-פאַרנעמיקייט פון די לונגען, פאַרלאַנגזאַמטער אָטעם און אייניקע ענדערונגען אין גומען.

12. וווּקס פון דער מוסקל-קראַפט און פאַרשטאַרקונג (אייגנטלעך פאַרגיכערונג) פון קני-רעפלעקס.

13. אָפּשוואַכונג פון אויפמערקזאַמקייט און גייסטיקער אַרבעטס-פעיקייט.

מען דאַרף באַמערקן, אַז די אַלע ענדערונגען קומען-פאָר אין קערפּער פון אַ געזונטער, נאָרמאַל מענסטרואירנדיקער פרוי. דער פּראָצעס גופא האָט דאָ אָבער אַזאַ כאַראַקטער, אַז ס'איז שווער דורכצופירן אַ גרענעץ צווישן נאָרמאַלן און נישט-נאָרמאַלן צושטאַנד. דער אָרגאַניזם פון אַ געשלעכטלעך רייפער פרוי באַלאַנסירט כסדר צווישן פיזיאָלאָגיע און פּאַטאָלאָגיע מיט אַן אָפּנויג צו פּאַטאָלאָגיע. איןווירקלעכן לעבן איז אָפט אויסער-געוויינלעך שווער דורכצופירן אַ גרענעץ, ווו ענדיקן זיך די נאָרמאַלע פּראָצעסן און הייבט זיך אָן אַ קראַנקהייט. מיר נעמען דאָ אומישנע אַן אידעאַלן פאַל, ווען אין אָרגאַניזם פון דער פרוי געשעעט אַלץ אַזוי, ווי עס דאַרף געשען לויט די געזעצן פון פיזיאָלאָגיע, און נישט געזאַכט דערויף געפינען מיר ריזיקע פיזיאָלאָגישע אויפטרייסלונגען.

באַזונדערס גרויס איז די באַדייטונג פון די ענדערונגען, וואָס קומען-פאָר בעת דעם פעריאָד אין די אָרגאַנען פון נערוון-סיסטעם, דהיינו, אין זייערע העכערע צענטרען, און אין די דריזן מיט אינעווייניקסטער סעקרעציע. גראָד זענען דאָס אַלץ יענע טיילן פון קערפּער, אַ דאַנק וועלכע דער מענטש האָט, ווי מיר האָבן עס געזען, געזיגט אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ און זיך אַרויפגעשלאָגן אויף אַ פריער נישט-דערגרייכטער עוואָלוציאָנערער

הייך. דאָס זענען יענע אָרגאַנען, צו וועלכע עס געהערט די העכסטע פאַרוואַלטונג מיט אַלע טיילן פון קערפּער; אַ דאַנק זיי איז די טעטיקייט פון די קערפּער-טיילן אייניק און האַרמאָניש.

פון דידאָזיקע אָרגאַנען, אָדער ריכטיקער פון זייער רעגולערער טעטיקייט איז אָפּהענגיק מער ווי פון אַלע אַנדערע אָרגאַנען אויך דער אַלגעמיינער פיזיאָלאָגישער ווילשטאַנד פון דער פרוי. טאָג-טעגלעכע באַאָבאַכטונגען ווייזן, ווי שטאַרק די פעריאָדישקייט פון די באַשריבענע פּראָצעסן רופט זיך אָפּ אויפן גייסטיקן גלייכגעוויכט פון דער פרוי. איר שטימונג בייט זיך כוואַליעסווייז, אָפּהענגיק פון די אינעווייניקסטע אויפרייצונגען. פעריאָדן פון שוואַכקייט, אַנטוישונג, אויפגערייצטקייט און פאַרשטאַרקטער סעקרעציע פון טרערן-אַפּאַראַט ווערן מיט אַ קאַלענדאַרישער רעגלמעסיקייט פאַרביטן דורך פעריאָדן פון אויפלעבונג, פאַנאַנדערבלי און „גליקלעכע" טעג, ווען אַלצדינג נעלינגט ווי אַמבעסטן, און דאָס לעבן איז כלומרשט אַזוי לייכט און אָנגענעם.

ו ו אָ י צ ע כ אָ ו ו ס ק י (1909) האָט אונטערזוכט ספּעציעל ביי מענסטרואירנדיקע פרויען די געשווינדקייט פון איינפאַכע און קאָמפּליצירטע רעאַקציעס, דעם גאַנג פון אַסאָציאַציעס און די פעיקייט צו גייסטיקער אַרבעט. ער האָט אייגעפונען, אַז די עלעמענטאַרע נערוון-פּסיכישע פּראָצעסן (איינפאַכע רעאַקציעס, באַלעבונג פון געהער-איינדרוקן) ענדערן זיך אין דעם פעריאָד כמעט ווי אינגאַנצן נישט. דאַקעגן, דויערן קאָמפּליצירטע רעאַקציעס (אויסוואַל-רעאַקציעס) לענגער ווי געוויינלעך, עטוואָס פאַר-לאַנגזאַמט ווערט אויך דער גאַנג פון פריי אַנטשטייענדיקע אַסאָציאַציעס. די קאָנצענטרירונג פון דער אויפמערקזאַמקייט און די גייסטיקע אַרבעטס-פעיקייט ווערן אין דער צייט אויך אָפּגעשוואַכט.

צו ענלעכע אויספירן איז געקומען אויך פּראָפ. ק ש י ש ק אָ ו ו ס ק י (1911), וועלכער האָט לויט מעטאָדן פון אָביעקטיווער פּסיכאָלאָגיע אונטערזוכט דאָס נערוון-סיסטעם פון אַ צויג בעתן געשלעכטלעכן פעריאָד (דערדאָזיקער צושטאַנד

אַנטשפּרעכט לויט זיין מהות דער מענסטרואַציע ביי פרויען). ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין דעם פעריאָד פאַרקלענערט זיך די אויפרייץ-פעיקייט פון נערוון-סיסטעם. די שוין פון פריער צו-געקומענע באַדינג-רעפלעקסן, וועלכע בילדן, לויט פּאַוולאָווס טעאָריע, פונדאַמענטאַלע עלעמענטן פון דער „נשמה", זענען אין דער צייט שוואַכער, נישט-באַשטענדיק און נישט-גלייכמעסיק לויט זייער אינטענסיווקייט. זיי ווערן זייער לייכט טאָרמאָזירט, זייער פאַרבאַהאַלטענער פעריאָד פאַרלענגערט זיך א. אַ. וו.

עס ווערט שטאַרק פאַרלאַנגזאַמט און אָפט ווערט איני גאַנצן אוממעגלעך די אַנטשטייונג פון נייע באַדינג-רעפלעקסן.

די דאָזיקע אויספירן פון דער אָביעקטיווער פסיכאָלאָגיע זענען אויסערגעווייינלעך וויכטיק, ווייל זיי קאָנען אַלע פולקום אַריבערגעטראָגן ווערן אויפן מענטש. זיי באַווייזן בעסער פאַר אַלץ, אין וואָס באַשטייט דער „ביאָלאָגישער טראַגיזם" פון אַ געשלעכטלעך רייפער פרוי. אויב מיר וועלן די אויספירן איבערזעצן פון דער פיזיאָלאָגישער שפּראַך אויף דער שפּראַך פון אַלטעגלעכן לעבן, וועלן זיי באַדייטן, אַז די פרוי באַנעמט זיך אין דעם פעריאָד אַנדערש ווי געווייינלעך. די אָפּשוואַכונג און נישט-באַשטענדיקייט פון די באַדינג-רעפלעקסן און זייער פאַרשטאַרקטע טאָרמאָזירונג בעת די מאָנאַטלעכע באַדייטן, אַז אַפילו די סאַמע געווייינלעכע האַנדלונגען פון דער פרוי זענען אין דער צייט אין אַ געוויסן זין געבונדן און ווערן אויסגעפירט מיט אַ געוויסן אָפּהאַלט. אַ קאָנדוקטאָרין פון טראַמוויי גיט אייך אין דער צייט נישט דעם בילעט, וואָס איר דאַרפט, און פּלאָנטערט זיך אין רעכענען, ווי געניט זי זאָל נישט זיין אין איר פאַך; אַ וואַגאָן-פירערין פאָרט בעת די מאָנאַטלעכע פאַמעלעך, לאָזט דעם טראַמוויי נישט גלייך אין גאַנג און ווערט צעטומלט אין די ערטער, וווּ עס קרייצן זיך עטלעכע גאַסן. ביי אַ מאַשיניסטין אין אַ ביוראָ טרעפן נישט די פינגער אין דער צייט פון דער מענסטרואַציע אויף די געהעריקע קלאַווישן פון דער שרייב-מאַשין, זי אַרבעט לאַנגזאַמער ווי געווייינלעך, און ווי זי זאָל זיך נישט מיען, פאַלן ביי איר אַרויס ווערטער פון טעקסט און

עס גיט זיך איר נישט איין ריכטיק, איבערצוטראָגן די ווערטער. די דאַנטיסטין קאָן נישט געפינען דעם נויטיקן בויער, די בויער-מאַשין דרייט זיך ביי איר נישט גוט און שטייט נישט אויף אַן אָרט, זי געפינט נישט די נויטיקע פלעשעלעך און אינסטרומענטן און פאַרזיכערט, אַז איר זענט היינט באַזונדערס נישט-געדולדיק, זיצט נישט ווי ס'באַדאַרף צו זיין א. אַ. וו. די שטימען פון זינגערינס פאַרלירן אין דער צייט זייער קלינגעוודיקייט און שטאַרקייט, און ד"ר קליין (1892) פאַרזיכערט אַפילו, אַז אַ געניטער לאַרינגאָלאָג (פאַכמאַן אויף האַלז-קראַנקהייטן) וועט אַלעמאָל לויטן צושטאַנד פון האַלז דערקענען, צי מענסטרואירט די פרוי אָדער נישט. אַרטיסטינס זענען אין דער צייט „שלעכט נעשטימט", זיי באַקלאָגן זיך אויף דער גלייכגילטיקייט און טעמפּקייט פון עולם, מאַכן נישט יענע זשעסטן און אינטאָנאַציעס, וואָס מען דאַרף, און דאָס אַלץ בלויז צוליב דעם, וואָס ס'איז צייטווייליק נישט אין אָרדענונג דער דעליקאַטער רעפלעקס-מעכאַניזם פון מאַרך. מיר האָבן דאָ אומישנע גענומען שאַרפע ביישפילן און אַביסל אַפילו שאַרזשירט. אָפּהענגיק פון דער אינדיווידועלקייט און פון אַלגעמיינעם צושטאַנד פון נערוון-סיסטעם, קאָן דידאָזיקע צייטווייליק נישט-נאָרמאַלע פונקציאָנירונג פון רעפלעקס-מעכאַניזם זיך אויסדריקן בולטער אָדער שוואַכער. אַן אויפמערקזאַמער באַאָבאַכטער וועט זי אָבער באַמערקן אַלעמאָל, אַפילו דעמאָלט, ווען זי איז בולט נישט אויסגעדריקט.

ד"ר זשיכאַרעוו איז זיכער, אַז די „פרייהייט" און די „פאַראַנטוואָרטלעכקייט" פון אַ פרוי זענען באַגרענעצט אין פעריאָד פון די מאָנאַטלעכע. ער זאָגט: „פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט ווערט די „פרייהייט" צעשטערט, אויב די האַנדלונגען פון מענטש ווערן באַשטימט נישט דורך אַסאָציאַציעס פון אידייען און גע-פילן, נאָר דורך אימפּולסן, וואָס גייען-אַרויס פון וועלכע-נישט-איז אָרגאַנען אין זיין קערפּער. אין אַזעלכע פאַלן זענען די האַנדלונגען פון מענטש געצוווּנגענע, זיי ווערן אַרויסגערופן נישט דורך פּסיכישע, נאָר דורך סאָמאַטישע באַדינגונגען, און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון יחיד פאַרקלענערט זיך".

אויספירלעך באַרירט די פראַגע אויך פּראָפ. ל אַ פּ י נ ס ק י אין זיין בוך „וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער פּערזענלעכקייט ביי פרויען". לויט זיין מיינונג זענען ריטם און פּעריאָדישקייט בכלל זייער אַ שיינע זאַך, אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן דער אַלוועלט. ביי דער פרוי אָבער נעמען זיי צו איר פרייען ווילן. לאַפּינסקי שרייבט: „דערדאָזיקער ריטם און די געזעצ-מעסיקייט זענען געצווונגענע און מאַכן די פרוי אונטערטעניק מיט דערזעלביקער אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט, ווי אַלע געזעצן פון דער נאַטור. דאָס נעמט צו ביי דער פרוי איר רעכט פון פרייער אויסוואַל, שוואַכט-אָפּ איר ווילנס-פרייהייט און פאַרוואַנדלט זי אין אַן אונטערטעניקן שקלאַף פון געגעבענעם קאָסמישן ריטם — אין אַ שקלאַף, וואָס האָט פאַרלוירן איר אייגענע ברירה".

די פיזיאָלאָגישע וואַקלונגען, וועלכע קומען-פאָר אין ווייבלעכן קערפּער אָפּהענגיק פון דער גאַמעטן-פּראָדוקציע, באַגרענעצן שוין ביי אַ פּולקום נאָרמאַלער און געזונטער פרוי איר ווילן און צעשטערן אין אַ געוויסער מאָס איר נערוון-טעטיקייט. ביי דער קלענסטער נישט-נאָרמאַלקייט, אַן איינ-געבוירענער אָדער אַ צוגעקומענער, פאַרוואַנדלט זיך דאָס נישט-זיכערע פיזיאָלאָגישע גלייכגעוויכט בעת די מאָנאַטלעכע אין אַ קראַנקהייט.

ביי אַ טייל פרויען קומט דערדאָזיקער פּעריאָד צום אויס-דרוק בלויז אין כסדרדיקע ענדערונגען פון דער שטימונג, אין קאַפּריזן און מאָדנע איינפאַלן. ביי אַנדערע פרויען האָט ער אינגאַנצן פּאַטאָלאָגישע פאָרמען. עס זענען באַשריבן פאַלן פון אמתע מענסטרואַלע פּסיכאָזן, ווען פרויען פלעגן אין דעם פּעריאָד אַראָפּגיין פון זינען, ווערן ממש ווילד צוליב פאַרשידענע קלייניקייטן, אויספירן ווילדע און זינלאָזע פאַרברעכנס, אַרויס-ווייזן אַ נייגונג צו זעלבסטמאָרד א. א. וו.

זייער מאָלעריש באַשרייבט די ריטמישע וואַקלונגען אין דער אויפפירונג און אין כאַראַקטער פון דער פרוי ק ר אַ פּ ט ע ב י נ ג. „די טאָג-טעגלעכע דערפאַרונג באַווייזט אונז, אַז אַ סך פרויען, וואָס זענען אין דער צווישן-צייט צווישן די מאָנאַטלעכע

צאַרטע פרויען און מוטערס, חנעוודיקע באַלעבאָסטעס און סימפּאַטישע פּערזאָנען אין אַ געזעלשאַפט, פאַרענדערן זיך אינ־גאַנצן אין זייער כאַראַקטער און אויפפירונג, ווי נאָר עס הייבט זיך בײַ זיי אָן אָדער עס דערנענטערט זיך די מענסטרואַציע. דידאָזיקע צייטווײַליקע פיזיאָלאָגישע איבערקערעניש ווירקט אין זייער אָרגאַניזם ווי אַ שטורעם: זיי טשעפּן זיך צו יעדער קלייניקייט, ווערן לײַכט אויפגערייצט און קריגן זיך כסדר. אָפּט פאַרוואַנדלען זיי זיך אין אמתע אַרורות, וואָס אַלע האָבן פאַר זיי מורא און ווײַכן פון זיי. בעת דעמדאָזיקן „שטורעם" גיסט זי אויס דעם כעס אויפן מאַן און אויף דער דינסט, ס'באַקומען אַ גאָב די אָרימע קינדער, וועלכע ווערן אין אַן אַנדערער צייט געפּיעשטשעט און געצערטלט דורך דערזעלביקער מוטער. בעת אירע ווילדע אויסברוכן פון כעס, ווערט די פרוי פון דער העלער הויט אייפערזיכטיק און מאַכט סצענעס דעם מאַן. אין שטוב ווערט בײַ איר אַ ווילדער האַרמידער און עס דערגייט אַפילו צו פראָצעסן, ווו זי ווערט באַשולדיקט אין באַליידיקן פרעמדע מענטשן מיט וואָרט און טאַט, אין ווידערשפּעניקייט אַקעגן דער מאַכט א. אַ. וו. צוליבן שאַרפן נייראַסטענישן צושטאַנד און צוליב שלעכטער שטימונג באַווייזט זיך חוץ דעם בײַ אייניקע פרויען אין דער צייט אַ נייגונג צו אַלקאָהאָל. דאָס פאַרשטאַרקט נאָך מער די אויפרעגונג און קאָן זיך אויסלאָזן מיט אַ כראָנישן אַלקאָהאָליזם".

ד"ר איקאַר דערציילט וועגן איינער פון זיינע פּאַציענטינס, אין אַלגעמיינעם אַ נאָרמאַלער און געזונטער פרוי, אַז אַרום דער צייט פון די מאָנאַטלעכע פלעגט בײַ איר אויפקומען אַ ווילדע שטרעבונג אָפּצושניידן די זוימען־דריזן בײַם ערשטן בעל־חי, וועלכן זי פלעגט באַגעגענען. ד"ר הירשפעלד האָט זיך אין זיין פּראַקטיק באַגעגנט מיט אַן אינטערעסאַנטן פאַל, ווען בײַ אַ פאַרהייראַטער פאַרמעגלעכער פרוי פלעגן זיך פעריאָדיש באַווייזן אָנפאַלן פון קלעפּטאָמאַניע, וועלכע זי האָט נישט געקאָנט בײַ־קומען. מען האָט זי נישט איינמאָל אַרעסטירט אין קראָמען אין מאָמענט, ווען זי האָט געגנבעט זאַכן, וועלכע זי פלעגט דערנאָך

אַרויסוואַרפן אָדער שענקען עמיצן. אַליין איז זי נישט געווען אויף אַזוי פיל אַנטוויקלט, זי זאָל באַמערקן, אַז די נטיה צו גנבענען באַווייזט זיך ביי איר דווקא בעת די מאָנאַטלעכע. דער ד״ר הירשפעלד האָט אָבער אויפגעקליבן ידיעות וועגן אירע גנבות און באַמערקט, אַז זיי ווערן אויסגעפירט אין רעגלמעסיקע אינטערוואַלן פון 28 טעג, און פעסטגעשטעלט, אַז זיי פאַלן-צונויף מיט די פעריאָדן פון מענסטרואַציע. אַ פאַרשטאַרקטע נטיה צו פאַרברעכנס אין פעריאָד פון די מאָנאַטלעכע איז באַמערקט געוואָרן דורך אַ סך געלערנטע. דער באַוווּסטער פסיכיאַטער קראַפט עבינג זאָגט אַפילו אַרויס אַ ווונטש, אַז „ביים פאַרהאַלטן אַ פרוי, וואָס ווערט באַשולדיקט אין אַ פאַר-ברעכן און וואָס איז נאָך פעיק צום האָבן קינדער, זאָל איינ-געלאַדן ווערן אַ דאָקטאָר, כדי פעסטצושטעלן, צי האָט זי נישט אין יענעם מאָמענט די מאָנאַטלעכע, און אויב נישט, ווען זענען געווען די לעצטע מאָנאַטלעכע״.

ווייננבערג ווייזט-אָן, אַז שיער נישט 50 פראָצענט פון אַלע זעלבסטמאָרדן ביי פרויען פאַלן-צונויף מיטן פעריאָד פון די מאָנאַטלעכע. ענלעכע ידיעות קאָן מען געפינען אין די הונדערטער אין דער מעדיצינישער ליטעראַטור. זיי זענען אָבער פאַר אונז ווייניקער אינטערעסאַנט, — דאָס זענען וואַקלונגען, וואָס גייען שוין אַרויס פון די נאָרמאַלע גרענעצן. זיי שטרייכן בלויז אונטער בולטער, ווי געצוימט און געשטערט עס איז די אַנט-וויקלונג פון דער פערזענלעכקייט ביי דער פרוי. דידאָזיקע שטערונגען זענען שרעקלעך, גראָד צוליב דעם, וואָס זיי שטאַמען פון דער פרויען-נאַטור גופא.

מיר האָבן אָבער נאָך נישט אויסגעשעפּט די קוואַלן פון „ביאָלאָגישן״ טראַגיזם, וועלכע באַווייזן זיך ביי דער פרוי שוין זינט דער ערשטער אָוווּלאַציע.

צוזאַמען מיטן קומען פון דער געשלעכטלעכער רייפקייט הייבט זיך גלייכצייטיק אָן אויך יענע „עראָטיזירונג״ פון נערוון-סיסטעם, יענע אויפלעבונג פון די געשלעכטלעכע דאָמינאַנטן, וועלכע מיר האָבן פריער אויבערפלעכלעך אַרומגערעדט. אויב

די האָרמאָנען פון געלן קערפּער ציען-אַריין דעם גאַנצן קערפּער אין די פּאַרמערונגס-פּראָצעסן בלויז אויף באַשטימטע פּעריאָדן, איז גאָר אַנדערש מיט די געשלעכטלעכע האָרמאָנען. זיי שאַפן אַ גרונט פאַר דער געשלעכטלעכער דאָמינאַנטע און זינט דעם פּעריאָד הערשט זי כּסדר איבערן קערפּער, הגם איר אויפרעגונגס-קראַפט איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, פאַרשידן אין פאַרשידענע מאָמענטן פון לעבן. דידאָזיקע כּסדרדיקע ערעאָטיזירונג פון מאַרך, זייער אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין לעבן פון מאַנסביל, איז נאָך וויכטיקער אין לעבן פון דער פרוי: מיר האָבן שוין פריער גערעדט וועגן דעם, אַז דאָס געשלעכטלעכע געפיל איז יענע פיזיאָלאָגישע אילוזיע, דורך וועלכער די נאַטור צווינגט דעם מענטש צו דינען דעם מין. דאָס באַוואָרענען די כּסדרדיקייט פון לעבן, וואָס אינטערעסירט לחלוטין נישט דעם יחיד, פאַרוואַנדלט זיך אַ דאַנק דעם כּלומרשט אין זיינעם אַן אייגענעם אינטערעס און ציט-צו זיין גאַנצע אויפמערקזאַמ-קייט. די כוואַליעס נערוון-אויפרייצונגען פון די קערפּער-פּעריפעריען און די כעמישע איינפלוסן פון די געשלעכטלעכע דריזן, וועלכע ערעאָטיזירן די קאָרע פון מאַרך, די דאָמינאַנטן, וועלכע פלאַקערן-אויף אין מאַרך און באַהערשן דאָס גאַנצע געביט פון גייסטיקן לעבן – דאָס אַלץ רופט-אַרויס, ווי יעדע אילוזיע, אָן אַ שיער אָנגענעמע איבערלעבונגען. ווען נישט דידאָזיקע איבערלעבונגען, וואָלט די גאַנצע וועלט אויסגעקומען פאַר אונז גראָ, נודנע און אַלטעגלעך, ווי זי קומט טאַקע אויס פאַר קאַסטראַטן און מענטשן מיט איינגעבוירענעם פעלן פון געשלעכטלעכן געפיל. ווען נישט אָט די „אָפּנאַרעריי" פון דער נאַטור, וואָלטן אויסגעמישט און פאַרטריקנט געוואָרן אַלע פאַרבן פון די מאָלער, עס וואָלט נישט געווען קיין פּאָעזיע, קיין מוזיק און בכלל קיין שעפערישע טעטיקייט, דאָס לעבן פון מענטש וואָלט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נודנעם וואַרטן אויף דער שעה פון טויט. מען מוז דערפאַר אָנערקענען, אַז די ערעאָטיזירונג פון מאַרך גיט-צו אין געוויסע גרענעצן אַ געזונטן לעבנס-טעם דעם גאַנצן אָרגאַניזם און שפּייזט טיילווייז און רייצט-אויף די עמאָציאָנעלע זייט פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. אָבער אויך אין דער הינזיכט באַמערקט

זיך אַ בולטער אונטערשיד צווישן מאַנסביל און פרוי: ביי דער אַרבעטס־פאַרטיילונג אין פּראָצעס פון געשלעכטלעכער פאַרמערונג האָט דער מאַנסביל באַקומען די אַקטיווע ראָלע (אַקטיוו און רירעוודיק איז אויך די מענלעכע גאַמעטע — דער ספּערמאַטאָזאָאיד), די פרוי האָט באַקומען אַ מער פּאַסיווע ראָלע. דאָס גע־שלעכטלעכע געפיל פון מאַנסביל פאַרשאַרפט זיין אַקטיווקייט, אונטערנעמונגס־פעיקייט, ענערגיע און שעפערישקייט, פילט־אָן זיין נשמה מיט דרייסטע, שיער נישט חוצפּהדיקע חלומות און פּלענער און העלפט־מיט אין געוויסע גרענעצן, אַז עס זאָל פאַנאַנדער־בליען און זיך אַרויסווייזן זיין פערזענלעכקייט. ביי דער פרוי, פאַרקערט, פאַרשטאַרקט די עראָטיזירונג פון מאַרך בלויז איר פּאַסיווקייט. איר נשמה ווערט אָנגעפילט נישט מיט קיין דורשט פון באַוועגונג און קאַמף, נאָר מיט צאַרטע חלומות און האָפענונגען און מיט אַ שטרעבונג צו ברענגען זיך אַליין פאַר אַ קרבן. פאַר־כאַפּט דורך די געשלעכטלעכע האָרמאָנען, ווערט דער מאַנסביל ענערגיש ביז חוצפּה, די פרוי, להיפּך, ווערט שוואַך און פּאַסיוו ביז צום פולקומען פאַרלייקענען דעם אייגענעם „איך". דער מאַנסביל ווערט דורכן געשלעכטלעכן געפיל אַקטיוויזירט. די פרוי — בלויז אונטערדריקט, און איר אַקטיווקייט גייט, געוויינלעך, נישט ווייטער פאַר קאָקעטעריע.

צווישן די געשלעכטלעכע דאָמינאַנטן און דער טעטיקייט פון אַלע איבעריקע צענטרען אין קאָפּ־מאַרך באַשטייען זייער קאָמ־פּליצירטע פאַרהעלטנישן. פון איין זייט גייען אָפּט טאַלענטירט־קייט און געשלעכטלעכקייט האַנט־ביי־האַנט. ביי אינטעלעקטועלע מענטשן לעבט זיך די געשלעכטלעכע דאָמינאַנטע אָפט גלענצנד איין מיט די איבעריקע העכערע דאָמינאַנטן, אָפט שטיצט זי אפילו די אַנדערע דאָמינאַנטן. פון דער אַנדערער זייט איז קיין שום ספק נישטאָ, אַז אין אַ סך פאַלן קאָן די געשלעכטלעכע דאָמינאַנטע פולקום אָפּרייניקן דאָס געביט פון גייסטיקער טעטיקייט פון אַנדערע דאָמינאַנטן און אינגאַנצן זיי פאַרטרייבן. דעמאָלט פלאַקערט זי איינע אַליין אין באַוווסטזיין, אַלע אַנדערע פּראָצעסן פון דער העכערער נערוון־טעטיקייט מיט די

אינטעלעקטועלע פּראָצעסן בתוכם ווערן טאָרמאָזירט און אַריבער־געפירט אין אַ פאַרבאַהאַלטענעם צושטאַנד.

ביים מאַנסביל איז די געשלעכטלעכע פונקציע איינפאַכער ווי ביי דער פרוי. בהסכם דערמיט איז ביי אים דערדאָזיקער קאַמף פון דער געשלעכטלעכער דאָמינאַנטע מיט אַלע אַנדערע קוואַלן פון געהעכערטער אויפרייצונג שאַרפער און בולטער, דער קאַמף דויערט אָבער אַ קורצע צייט, און דערנאָך פאַרשווינדט די טאָרמאָזירונג. פונקט פאַרקערט איז ביי דער פרוי. צוליב דער גרעסערער קאָמפּליצירטקייט און דער עיקר צוליבן לענגערן דויער פון אירע פליכטן לגבי די גאַמעטן, שטעלט זיך ביי איר איין די געשלעכטלעכע דאָמינאַנטע אויף אַ לענגערער צייט, זי איז אינערטער ווי ביים מאַנסביל און טרעט נישט אַזוי לייכט אָפּ איר פלאַץ פאַר אַנדערע קוואַלן פון אויפרייצונג, וואָס קאָנקורירן מיט איר.

די באַשריבענע פאַקטאָרן דערקלערן אַלע באַזונדערקייטן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן גייסטיקן לעבן פון דער פרוי און וואָס אונטערשיידן זי פון מאַנסביל, נישט געאַכט אויף דער גלייכווערטיקייט פון זייער קערפּער.

---

## VIII

דריטער פעריאָד אין לעבן פון דער פרוי. — באַ־
דייטונג פון געשלעכטלעכן אַקט פאַרן ווייבלעכן
אָרגאַניזם. — ווי אַזוי ווערט געזיכערט די באַגעגעניש
פון די גאַמעטן? — פּאַסיווער כאַראַקטער פון דער
לעבנס־שאַפונג ביי דער פרוי.

דער פאָטער פון דער מעדיצין, היפּאָקראַטעס האָט שוין פאַרזיכערט, אַז דאָס גאַנצע לעבן פון דער פרוי איז איין כסדרדיקע קראַנקהייט, וואָס הערט קיינמאָל נישט אויף.

די ריכטיקייט פון דעם געדאַנק ווערט גלענצנד באַ־שטעטיקט ביים באַטראַכטן דעם דריטן פעריאָד אין לעבן פון דער פרוי. ער נעמט־אַרום איר גאַנץ לעבן זינט דעם ערשטן געשלעכטלעכן אַקט ביז צום אויפהער פון די אָוווּלאַציעס, ד. ה., ביזן פעריאָד פון קלימאַקטעריום. שוין בנוגע צום צווייטן פעריאָד האָבן מיר געזאָגט, אַז דער פיזיאָלאָגישער צושטאַנד פון דער פרוי שטעלט דעמאָלט מיט זיך פאָר אַ נישט־באַשטענדיק גלייכ־געוויכט, אַ באַלאַנסירן צווישן געזונטהייט און קראַנקהייט. נאָך אין אַ גרעסערער מדרגה האָט דאָס אַ שייכות צום פעריאָד פון גע־שלעכטלעכן לעבן ביי דער פרוי.

דער דריטער פעריאָד הייבט זיך אָן מיטן ערשטן געשלעכט־לעכן אַקט, וועלכער איז אַן אויסגאַנגס־פּונקט פאַר אַ ריי קאָמ־

פליצירטע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן. דאָ איז ווידער, ווי מיר האָבן עס טיילווייז אָנגעוויזן פריער, נישטאָ קיין גלייכמעסיקייט אין דער ביאָלאָגישער באַלאַסטונג פוןביידע געשלעכטער. מיטן אַריינדרינגען פון די גאַמעטן אין ווייבלעכן אָרגאַניזם פאַרענדיקן זיך די ביאָלאָגישע פליכטן פון מאַנסביל, און די ווייטערדיקע זאָרג וועגן גורל פון די צונויפגעגאָסענע גאַמעטן פאַלט-אַרויף מיט איר גאַנצער לאַסט אויף דער פרוי. מחמת דעם איז דער געשלעכטלעכער אַקט פאַר דער פרוי אַ גרויס געשעניש, וואָס פאַרקירעוועט איר לעבן אין אַ נייער ריכטונג און באַגרענעצט אויף אַ לאַנגער צייט די פרייהייט פון איר פערזענלעכקייט.

דער ערשטער געשלעכטלעכער אַקט רופט-אַרויס אויך ריין אַנאַטאָמישע ענדערונגען אין די ווייבלעכע געשלעכטלעכע אָרגאַנען. די צעשטערונג פון יונגפרוילעכן הייטל ברענגט אָפּט צו פאַרשידענע קרענקלעכע צושטאַנדן און ווערט אַפילו אין נאָרמאַלע פאַלן באַגלייט מיט קליינע ווייטיקן און בלוטונגען. חוץ דעם איז פאַראַן אַ גרונט צו מיינען, אַז דער געשלעכטלעכער אַקט ווירקט אויך אויף דער פיזיאָלאָגישער טעטיקייט פון די אייערשטאָקן דורך באַגינסטיקן די אָוווּלאַציע. טריפּעל (1919) איז יעדנפאַלס אויפן סמך פון אַ ריי ראיות געקומען צום אויספיר, אַז ביי זויגער און מענטשן קאָנען געמאָלט זיין צוויי מינים אָוווּלאַציעס: איינע, וואָס קומט-פאָר פון זיך אַליין, די אַנדערע — אַרויסגערופן דורכן געשלעכטלעכן אַקט. די ערשטע קומט-פאָר אין רעגלמעסיקע צייט-אָפּשטאַנדן, פעריאָדיש, אַפילו אין דעם פאַל, אויב ס׳קומט נישט צושטאַנד קיין באַהעפטונג. בעת עס הייבן זיך אָן געשלעכטלעכע באַציִונגען, ווערט דערדאָזיקער רעגולערער טעמפּ פון דער גאַמעטן-אויסשיידונג צעשטערט, ווייל דער געשלעכטלעכער אַקט פאַרגיכערט דאָס רייף-ווערן פון איי-פענכערל. אַנסעל און בוּען (1911) האָבן דירעקט באַאָבאַכטעט ביי אַ קראָליק מיט אַ פּיסטולע אין וועגטל פון בויך-חלל, אַז עטלעכע שעה נאָך דער באַהעפטונג איז פון אייערשטאָק אַרויסגעגאַנגען אַ גאַמעט.

מען דאַרף בכן משער זיין, אַז די געשלעכטלעכע אַקטן פאַרסירן די פיזיאָלאָגישע טעטיקייט פון די ווייבלעכע געשלעכטלעכע דריזן און העכערן די ענערגיע פון זייער אַרבעט.

פיזיאָלאָגיש איז אין געשלעכטלעכן אַקט וויכטיקער פאַר אַלץ דאָס אַריינדרינגען פון די מענלעכע געשלעכטלעכע פראָדוקטן אין אָרגאַניזם פון דער פרוי. חוץ די מענלעכע גאַמעטן אָדער ספּערמאַטאָזאָידן דרינגט דערביי אַריין אין די ווייבלעכע גע-שלעכטלעכע אָרגאַנען אַ געמיש פון סעקרעטן פון די צוגאָב-דריזן אין מענלעכן געשלעכטלעכן אַפּאַראַט. די אַלע שטאָפן פון אַ זייער קאָמפּליצירטן כעמישן באַשטאַנד זענען באַרופן דער עיקר צו שאַפן פאַר די ספּערמאַטאָזאָידן פּאַסיקע פיזיאָלאָגישע באַדינגונגען אין די ווייבלעכע געשלעכטלעכע אָרגאַנען (זיי נייטראַליזירן די זויערע רעאַקציעס, וועלכע זענען דאָ מעגלעך און וועלכע קאָנען אומ-ברענגען די מענלעכע גאַמעטן, זיי העכערן ביז צו אַ מאַקסימום די ענערגיע און די רירעוודיקייט פון די ספּערמאַטאָזאָידן א. אַ. וו.) דאָס שליים-הייטל פון די ווייבלעכע געשלעכטלעכע אָרגאַנען לאָזט אָבער אַדורך כעמישע שטאָפן, און נאָך גאָר נישט לאַנג (1922) איז אין דער דייטשער מעדיצינישער ליטעראַטור געווען באַשריבן אַ טויט דורך פאַרסמונג ביי אַ פרוי, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין דער שייד אַ טאַבלעטע פון ½ גראַם סובלימאַט, (סולעמאַ), כדי זיך צו פאַרהיטן פון פאַרנומען-ווערן. עס איז בכן מעגלעך, אַז אַ טייל כעמישע פּראָדוקטן פון זרע ווערט אַריינגעזויגן דורכן ווייבלעכן אָרגאַניזם און קומט סוף-כל-סוף אַריין אין זיין בלוט. לעצטנס האָט דידאָזיקע השערה אַרויס-געזאָגט גרייל (1922). ער האַלט אַפילו, אַז די קרענקלעכע צושטאַנדן, פון וועלכע אייניקע פרויען ליידן ביי אָפטע געשלעכט-לעכע באַציִונגען, נעמען זיך טיילווייז דערפון, וואָס אינם בלוט פון דער פרוי ווערן אַריינגעזויגן פרעמדע פאַרן קערפּער כעמישע שטאָפן. אַ חוץ דעם איז שוין לאַנג באַקאַנט, אַז דער איבערפלוס פון ספּערמאַטאָזאָידן, וואָס קומען-אַריין אין די ווייבלעכע גע-שלעכטלעכע אָרגאַנען, רופט-אַרויס אַ געוויסע פאַרהיטונגס-רעאַקציע

אין די וואַנטלעך פון דער געבויר-מוטער. עס ווערן, דהיינו, מאַסנוויז אויסגעטיילט פאַרבלאָזע בלוט-קעמערלעך, וועלכע צע-שטערן די ספּערמאַטאָזאָידן.

דאָס אַלץ באַווייזט, אַז דער געשלעכטלעכער אַקט איז פאַר דער פרוי אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער און וויכטיקער פּראָצעס. חוץ דעם, וואָס עס דרינגען-אַריין אין איר קערפּער מענלעכע גאַמעטן, זאַפּן זיך נאָך אַריין אין איר בלוט פרעמדע כעמישע פּראָדוקטן.

די כעמישע דערשיינונגען, וועלכע קומען-פאָר אין די ווייבלעכע געשלעכטלעכע אָרגאַנען, זענען נאָך ווייניק אויס-געפאָרשט. ווייזט-אויס, קומען דאָ פאָר אויסערגעוויינלעך קאָמ-פּליצירטע כעמישע פּראָצעסן, וועלכע הייבן ערשט אָן קלאָר צו ווערן פאַר דער וויסנשאַפט. אַזוי למשל האָט מען אין דעם סעקרעט, וואָס ווערט אויסגעשיידט דורכן העלדז פון דער געבויר-מוטער, און וואָס באַנעצט די שייד, געפונען חוץ אַ פער-מענט, וואָס לייגט-פונאַנדער קוילן-וואַסערשטאָפן, אויך אַ פערמענט, וואָס צעשפּאַלט אייווייסן; ווייזט-אויס, שפּילן דידאָזיקע פערמענטן אַ גרויסע ראָלע ביי דער זעלבסט-רייניקונג פון דער שייד. אין עפּיטעל, ד. ה., אין געוועב, וואָס באַדעקט די אינעווייניקסטע אויבערפלאַך פון דער שייד, געפינען זיך ביי דער פרוי אַלעמאָל גרויסע סכומים גליקאָגען (בעלי-חיישער קראָכמאַל). שוואַב (1926) און אייניקע אַנדערע מחברים רעדן אַפילו וועגן אַן אמתן אויסטויש פון קוילן-וואַסערשטאָפן אין דער שייד. עס איז שוין לאַנג באַקאַנט געווען, אַז אין דער שייד פון דער פרוי לעבן נישט בלויז אייניקע איינפאַכסטע מיקראָסקאָפּישע בעלי-חיים, נאָר אַז ס'איז דאָרט אויך פאַראַן אַ רייכע און פאַרשידנאַרטיקע באַ-פעלקערונג פון באַקטעריען. לעצטנס איז זי אונטערזוכט געוואָרן דורך דעממע (1927), קעסלער (1927) און אַנדערע. די פּראָדוקטן פון שטאָף-אויסטויש ביי די אַלע מיקראָאָרגאַניזמען שאַפן אין דער שייד אויסערסט קאָמפּליצירטע כעמישע באַ-דינגונגען, וועלכע ווערן נאָך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געענדערט דורך די כעמישע פּראָדוקטן פון מענלעכן זרע. יעדע באַהעפטונג

ענדערט בכן, אחוץ אַלעם אַנדערן, אויך דעם כעמיזם פון דעם געשלעכטלעכן שלאַך.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויך די נערוון-אויפ-רייצונגען, וועלכע אַנטשטייען בעת די געשלעכטלעכע באַציִונגען ווירקן צוזאַמען מיט אַנדערע איינפלוסן אויפן אָרגאַניזם פון דער פרוי אין אַ גרעסערער מדרגה, ווי אויפן מאַנסביל. די מעדיצינישע ליטעראַטור באַשרייבט אַ ריי שטערונגען אין דער פיזיאָלאָגישער טעטיקייט פון דער פרוי אין די ערשטע חדשים פון חתונה-לעבן, ווי למשל: ענדערונג פון געוויכט, שטערונגען אין דער טעטיקייט פון די פאַרדייונגס-אָרגאַנען, נערוועזע אַנאָמאַליען א. אַ. וו. פראָפ. לאַפּינסקי זאָגט, אַז די נייע שפּירונגען, וועלכע אַנט-שטייען אין קליינעם בעקן פון דער פאַרהייראַטער פרוי, רופן אַרויס אַפילו ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען „אַן איבערקערעניש אין דער פיזישער פערזענלעכקייט פון דער פרוי" און „בילדן אַ נייע שטערונג פאַר דער גייסטיקער טעטיקייט און פאַר דער אַנטוויקלונג פון איר גייסטיקער פערזענלעכקייט אין די ערשטע חדשים נאָך דער חתונה".

דאָ דאַרף מען אונטערשטרייכן נאָך אַ באַזונדערקייט פון דער פרויען-פיזיאָלאָגיע. די באַהעפטונג גיט ווייט נישט אַלעמאָל דער פרוי יענע געשלעכטלעכע באַפרידיקונג, וועלכע איז מיטן דאָזיקן אַקט פאַרבונדן ביים מאַנסביל. אין יאָר 1908 האָט ד"ר זשבאַנקאָוו דורכגעפירט אַן אַנקעטע וועגן געשלעכטלעכן לעבן צווישן מאָסקווער סטודענטינס און לערערינס. סך-הכל איז געלונגען אויפצוקלייבן 324 ענטפערס (צומייסט האָבן געענטפערט פרויען אין עלטער ביז 25 יאָר), ווייט נישט אַלע האָבן אָבער געענטפערט אויף דער פראַגע וועגן די שפּירונגען ביים גע-שלעכטלעכן אַקט. דער ערשטער געשלעכטלעכער אַקט איז ביי 28 סטודענטינס באַגלייט געוואָרן מיט שפּירונגען פון פיזיאָלאָגישער פרייד און געשטייגערטער קראַפט. ביי 46 סטודענטינס האָט ער, להיפּך, אַרויסגערופן עקל, מורא, באַדויערן און געדריקטע שטימונג. תענוג ביים געשלעכטלעכן אַקט האָבן 22 אָנגעהויבן צו פילן פון אָנהייב אָן, 8 אין 1—2 יאָר אַרום און 1 אין 5 יאָר אַרום. אין יאָר

1922 איז צווישן די סטודענטינס פון איינער פון די מאָסקווער הויכשולן דורכגעפירט געוואָרן אַ געשלעכטלעכע אַנקעטע, וואָס האָט צווישן אַנדערן באַרירט אויך די באַציִונג צום געשלעכטלעכן אַקט. אָט זענען די רעזולטאַטן פון דער אַנקעטע:

| עס פילן: | אזוינע, וואָס האָבן פריער געהאַט געשלעכטלעכע באַציונגען. | | אזוינע, וואָס האָבן פריער נישט געהאַט קיין געשלעכטלעכע באַציונגען. | |
|---|---|---|---|---|
| | צאָל | % | צאָל | % |
| פאַרגניגן . . . . . . . . | 78 | 48,1 | 2 | 8,7 |
| גלייכגילטיקייט . . . . . | 47 | 29,0 | 14 | 60,9 |
| עקל . . . . . . . . . . | 23 | 14,2 | 7 | 30,4 |
| פאַרשידן . . . . . . . . | 14 | 8,7 | — | — |
| בסך-הכל . . . . . . . . | 162 | 100 | 23 | 100 |

פּאָרעל („די געשלעכטלעכע פּראַגע") שרייבט, אַז „אַ גרויסע צאָל פרויען פילן איבערהויפּט נישט קיין געשלעכטלעכע לײדנשאַפט, און די באַהעפטונג איז פאַר זיי אַ נישט קיין אָנגענעמער, אָפט אַפילו עקלדיקער אָדער לכל הפחות גלייכגילטיקער ענין". געלמאַן ווייזט-אָן, אַז „דאָס געשלעכטלעכע לעבן ברויזט אין אָרגאַניזם פון דער פרוי און באַהערשט איר גאַנץ ווען נאָך אין אַ גרעסערער מדרגה ווי ביים מאַנסביל: דידאָזיקע ווירקונג גייט אָבער נישט אַלעמאָל אויפן דירעקטן וועג, ווי מיר געפינען עס ביים מאַנסביל. זי קומט צום אויסדרוק אין דער מוטערשאַפט, אין אַלערליי עקסטאַטישע צושטאַנדן און אין פסיכישע געשלעכטלעכע עקוויוואַלענטן".

ביז איצט איז נאָך ווייניק אויפגעקלערט די פראַגע, אויף ווי ווייט דידאָזיקע „געשלעכטלעכע גלייכגילטיקייט" פון דער פרוי איז ווירקלעך פאַרשפּרייט. פאַרשידענע מחברים גיבן-אָן סתירות-דיקע ציפערן. מען ווייזט-אָן אויף 25% און אויף 40%, אויף 50%,

60%, 75% און אַפילו 90% געשלעכטלעך גלייכגילטיקע פרויען.

אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דער געשלעכטלעכער קאַלט-קייט פון דער פרוי זאָגט יאַקאָבזאָן (1927), אַז די לעצטע צאָלן זענען צו גרויס. פאַלן פון איינגעבוירענער געשלעכטלעכער קאַלטקייט זענען, ווייזט-אויס, גאַנץ זעלטן. צומייסט איז די נישט-גענוגנדיקע אויפנעם-פעיקייט פון דער פרוי פאַר געשלעכט-לעכע איבערלעבונגען אַ צוגעקומענע דערשיינונג. זי הענגט-אָפּ אָדער פון ריין אַנאַטאָמישע באַזונדערקייטן אין דעם געשלעכט-לעכן אַפּאַראַט (צ. ב., פאַרקריפּלונגען, נאַרבן נאָך אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, שעדיקונגען נאָך אַ שווערער געבורט א. א. וו.), אָדער פון אַ פיזיאָלאָגישער נישט-צוגעפּאַסטקייט פון מאַן און פרוי. זי קאָן זיך אויך אַנטוויקלען אויפן גרונט פון אַ פסיכישער שעדיקונג, וועלכע איז אַנטשטאַנען גלייך ביים אָנהייב פון געשלעכטלעכן לעבן (צ. ב., גראָבקייט פון מאַנסביל ביי דער ערשטער געשלעכט-לעכער דערנענטערונג).

די אומבאַקאַנטקייט פון מאַנסביל מיט דער געשלעכט-לעכער זייט פון ווייבלעכן לעבן און דאָס אָפטע נישט-וועלן זיך רעכענען מיט די איבערלעבונגען פון דער פרוי ברענגען, ווייזט-אויס, גענוג אָפט דערצו, אַז ביי דער פרוי אַנטוויקלט זיך אויב נישט עקל, איז גלייכגילטיקייט צו דער געשלעכטלעכער דער-נענטערונג.

דער פראַנצויזישער שרייבער לאָריולאָ כאַראַקטעריזירט ריכטיק דעם אונטערשיד פון די געשלעכטלעכע איבערלעבונגען ביים מאַנסביל און ביי דער פרוי: „די געשלעכטלעכקייט פון מאַנסביל איז אַ פאָדערנדיקע, באַפעלערישע און פלאַמיקע. די געשלעכטלעכקייט פון דער פרוי מוז, פאַרקערט, בהדרגה און דעליקאַט אויפגעוועקט ווערן. ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין פאַרליבט אַ פרוי, שטרעבט זי נישט צו דער געשלעכטלעכער דערנענטערונג מיט אַזאַ האַסט ווי איר געליבטער. ערשט בהדרגה פלאַקערן-אויף אירע געפילן, און זי דערפילט דעם גרעסטן תענוג. די פאָר-שטופּעס פון ליבע זענען בכן נישט קיין איבער-פליסיקע דערפינדונג פון אויסגעלאַסנקייט, נאָר אַן אומבאַדינגט

נױטיקע סטאַדיע אין דער קונסט פון ליבע. װי אָפט געשעט, אַז דער מאַן האָט שױן פאַרענדיקט זײַן דערגרענטערונג, אין־דער צײַט װען די געפילן פון דער פרױ הײבן ערשט אָן (און דאָס אױך נישט אַלעמאָל) אױפצװואַכן. נאָך דעם װי דער מאַנסביל באַרויִקט זיך, הערט ער אױף צו האַרצן און צו צערטלען די פרױ און ער לאָזט זי איבער אין אַ נישט־באַפרידיקטן צושטאַנד. דאָס איז אַ קװאַל פון לײַדן און אױך פון אָרגאַנישע און נערװעזע שעדיקונגען פאַר דער פרױ".

מיר זעען בכן, אַז אױך בנוגע צו דער פרײד פון געשלעכטלעכער דערנענטערונג האָבן מיר פּאַקטיש צו טון מיט אַ פיזיאָלאָגישער אומגלײַכקײַט פון מאַנסביל און פרױ. להיפך צו דער פאַרשפּרײטער מײנונג, אַז די פרױ פילט בעתן געשלעכטלעכן אַקט מערער װי דער מאַנסביל, זעען מיר אינדער־אמתן, אַז אַ סך פרױען שפּירן בכלל גאָרנישט בײַ דער געשלעכטלעכער דערנענטערונג, און אָפט איז זי פאַר זײ כמעט װי אַן אָפּקומעניש.

די „אומגערעכטיקײַט פון דער נאַטור" לגבי דער פרױ קומט בולט צום אױסדרוק אױך אין דעם פאַקט, װאָס אַ סך פרױען, אַפילו פולקום נאָרמאַלע אין געשלעכטלעכער הינזיכט, שטאַרבן, קײן אײן מאָל נישט האָבנדיק איבערגעלעבט קײן אָרגאַזם *). אַזױ װי דער מאַנסביל איז בײַ דער באַהעפטונג אַקטיװ, און די פרױ — פּאַסיװ, װערט דער מאַנסביל אַלעמאָל, אַפילו בײַ אַ „פיזיאָלאָגישער נישט־צוגעפּאַסטקײַט" פון די אָנ־טײלנעמערן אין געשלעכטלעכן אַקט, באַפרידיקט און געבראַכט צום אָרגאַזם, אין דער צײַט װען די פרױ איז אין אַזאַ פאַל פאַרמשפּט שטענדיק צו זײַן נישט באַפרידיקט און אָפט װײסט זי נישט איר גאַנץ לעבן לאַנג קײן „פולע" פרײד פון געשלעכטלעכער דערנענטערונג. פאַלן פון „פיזיאָלאָגישער נישט־צוגעפּאַסטקײַט" טרעפן זיך אָבער אַ סך עפטער װי מען מײנט געװײנלעך. יאַקאָבזאָן װײַזט־אָן מיט רעכט, אַז אין אױפקומען פון אָרגאַזם

---

*) אָרגאַזם — העכסטער שטאַפּל פון אױפרעגונג בשעתן געשלעכטלעכן אַקט.

ביי מאַנסבילן און פרויען באַמערקט זיך זייער אַ גרויסע אינדיווידועלע פאַרשידנאַרטיקייט. אַ סך איז דאָ אָפּהענגיק פון אַ גרעסערער אָדער קלענערער אויפרייצבאַרקייט פון געשלעכטלעכן צענטער, פון די דרויסנדיקע געשלעכטלעכע אָרגאַנען, פון דער פעיקייט אויפצונעמען אויפרייצונגען א. אַ. וו. ווייטער מוז מען האָבן אין זינען, אַז דער אָרגאַזם איז אָפּהענגיק נישט בלויז פון די פעריפערישע פאַקטאָרן, נאָר אויך אין אַ גרויסער מאָס פון די צענטראַלע (פסיכישע) איינפלוסן. ביי פסיכישע שטערונגען, ווי גלייכגילטיקייט, עקל, מורא זיך אָנצושטעקן, מורא צו פאַר-שוואַנגערן, — קומט דער אָרגאַזם, ווייזט-אויס, אינגאַנצן נישט צושטאַנד. נאָכן פאַרשווינדן פון די פסיכישע שטערונגען, קאָן דער אָרגאַזם אַמאָל אויפקומען אין אַזעלכע פאַלן, ווו ער האָט זיך פריער נישט באַוויזן.

חוץ אַלגעמיינע ענדערונגען אין פיזיאָלאָגישן צושטאַנד פון דער פרוי איז מיטן אָנהייב פון די געשלעכטלעכע באַציִונגען ביי איר פאַרבונדן אויך דאָס אַריינדרינגען פון די מענלעכע גאַמעטן אין איר קערפּער; דאָס איז דער אויסגאַנגס-פונקט פאַר אַ ריי ווייטערדיקע ביאָלאָגישע דערשיינונגען. בנוגע צו די מענלעכע גאַמעטן איז די נאַטור נאָך „פאַרשווענדערישער” ווי בנוגע צו די ווייבלעכע געשלעכטלעכע קעמערלעך. פאַר דער באַפרוכפערונג איז נויטיק בלויז איין גאַמעטע, און נישט גע-אַכט דערויף ווערן, לויט די אויסרעכענונגען פון לאָדע, ביי יעדן געשלעכטלעכן אַקט אַרויסגעשטויסן אין דורכשניט פון 200 ביז 300 מיליאָן ספּערמאַטאָזאָידן *). די באַפעלקערונג פון דער גאַנצער ערד-קויל מאַכט-אויס לערך $1\frac{1}{2}$ מיליאַרד; מאַלטוס האָט אויסגעחשבונט, אַז פעיקע צו פאַרמערונג פרויען אין עלטער פון 15 ביז 45 יאָר בילדן דערפון לערך $\frac{1}{5}$, ד. ה., 300 מיליאָן. בכן ווערט ביי יעדן געשלעכטלעכן אַקט אויסגעגעבן אַ סכום מענלעכע גאַמעטן, וועלכער וואָלט געקלעקט אויף צו באַפרוכפערן

*) די פאַרשידענע צאָל הענגט-אָפּ פון דער נאָרונג, פון עלטער און פון גאַנצן לעבנס-שטייגער בכלל, ווי אויך פון אַ גאַנצער ריי אַנדערע באַדינגונגען.

אַלע געשלעכטלעך רייפע פרויען פון דער גאַנצער ערד-קויל, לויט די אויסרעכענונגען פון האַנסען ווערן אויף יעדן רייף-ווערנדיקן איי-קעמערל פון דער פרוי ביים מאַנסביל רייף נישט ווייניקער פאַר 850 מיליאָן זרע-פעדימלעך. אַזאַ מערקווירדיקע „פאַרשווענדערישקייט" פון דער נאַטור ווערט דערקלערט אַזוי: די אינטערעסן פון געשלעכטלעכער פאַרמערונג שטייען אין דער נאַטור בכלל אויפן ערשטן פּלאַן, און חוץ דעם האָט מען גע-דאַרפט פאַר יעדן פרייז זיכערן די באַגעגעניש פון דער ווייב-לעכער גאַמעטע מיט דער מענלעכער. ס'איז קלאָר, אַז וואָס מערער ס'וועט זיין ספּערמאַטאָזאָידן, אַלץ גרעסער איז די וואָרשיינלעכקייט, אַז איינער פון זיי זאָל געפינען אַ וועג צום איי-קעמערל. מ'קאָן משער זיין, אַז אויך דאָ קומט-פאָר אַ געוויסע אויסוואַל פון די מענלעכע געשלעכטלעכע קעמערלעך, וויזט-אויס, דערגייען צו דער ווייבלעכער גאַמעטע בלויז די סאַמע לעבנס-פעיקע און ענערגישע ספּערמאַטאָזאָידן. אַלע שוואַכערע זרע-פעדימלעך, ווי אויך זרע-פעדימלעך מיט פאַרקריפּלטע פאָרמען (אַזעלכע קאָן מען געפינען כמעט אין יעדער פּאָרציע זרע) שטייען-אָפּ אויפן וועג און קומען-אום. אַזוי-אַרום קאָנען זיי נישט אָנטייל-נעמען אין דער צונויפמישונג פון די ירושה-טרעגער *), וואָס בילדעט דעם עיקר אין באַפרוכפערונגס-פּראָצעס.

אַ חוץ דער ריזיקער איבערוואָג אין צאָל פון די רירעוודיקע ספּערמאַטאָזאָידן, זענען פאַראַן נאָך אַ ריי איינריכטונגען, וואָס זיכערן די באַגעגעניש פון די גאַמעטן. קודם-כל ווירקט די געבויר-מוטער גופא דורך אירע באַוועגונגען, אַריינזויגנדיק די זרע, וואָס איז אויסגעגאָסן געוואָרן אין דער שייד. אויך דאָס שליים-הייטל פון דער געבויר-מוטער ציט-צו דורך זיין סעקרעציע די זרע-פעדימלעך (כעמישע צוציִונגען). מחמת דעם ווערן נאָכן געשלעכט-לעכן אַקט געדיכט באַלייגט מיט מענלעכע גאַמעטן נישט בלויז

*) וועגן די ירושה-טרעגער אָדער „גענען" הערט אויספירלעך געערעדט אין ג. ג. שטעכער, „קומענדיקע דורות", קאַפּ. II.

רעד.

אַלע פֿאַלדן פֿונם שליים-הייטל, נאָר אויך אינעווייניק די דריזן-
טרייבלעך. מיר האָבן שוין פֿריער באַשריבן דעם שטראָם
שליימיקער פֿליסיקייט, וואָס פֿאַרטיידיקט די געבויר-מוטער און
דעם בויך-חלל פֿון אַן אָנשטעקונג דורך די מיקראָאָרגאַניזמען
פֿון דער שייד. דערדאָזיקער שטראָם שטערט לחלוטין נישט דער
באַוועגונג פֿון די מענלעכע גאַמעטן און פֿאַרלייכטערט אַפֿילו די-
דאָזיקע באַוועגונג. די ספּערמאַטאָזאָידן באַזיצן אַ ספּעציעלע
פֿעיקייט, דהיינו, דער פֿליסיקער שטראָם, וועלכן זיי באַגעגענען,
ווירקט אויף זיי אויפֿרייצנדיק און צווינגט זיי ענערגיש און מיט
אַ גרויסער געשווינדקייט זיך צו באַוועגן קעגן שטראָם. דער-
זעלביקער פֿליסיקער שטראָם צווינגט אַלע זרע-פּעדימלעך זיך צו
אָריענטירן מיט די קעפּלעך פֿאָרויס און ווי אַ מיליאָניקער חיל
זיך צו באַוועגן צום איי-קעמערל, וואָס גליטשט זיך אַדורך
דורכן איי-פֿירער. די באַגעגעניש פֿון איי-קעמערל מיטן
ספּערמאַטאָזאָיד אָדער די באַפֿרוכפּערונג קומט געוויינלעך
פֿאָר אין ערשטן דריטל פֿון די איי-פֿירער (רעכענענדיק פֿון אייער-
שטאָק) *). דער ספּערמאַטאָזאָיד, וואָס איז דער ערשטער צוגעקומען
צום איי-קעמערל און איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ספּערע
פֿון זיין כעמישער צוציִונג **), בויערט דורך מיט דער הילף פֿון

---

*) אויב די גאַמעטע גליטשט זיך אַדורך, צוליב נאָך נישט אויסגעפֿאָרשטע סיבות, פֿאַרביי די פֿרענדזלעך פֿון איי-פֿירער און כּאַלט-אַריין אין בויך-חלל, קאָנען זיך די גאַמעטן באַגעגענען אויך דאָ, און פֿון אַזאַ באַפֿרוכפּערטער גאַמעטע אַנטוויקלט זיך אַן עמבריאָן אין בויך-חלל. אין אַנדערע פֿאַלן לאָזט זיך די באַפֿרוכפּערטע גאַמעטע נישט אַראָפּ אין דער געבויר-מוטער; נאָר פּירט-דורך אַן אימפּלאַנטאַציע און אַנטוויקלט ז'ך אין אַן עמבריאָן אין איי-פּירער גופא. ביי אַזעלכע אַנאָמאַליען זענען נויטיק אָפּעראַציעס, אָפֿט זייער געפֿערלעכע פֿאַרן לעבן פֿון דער פֿרוי. די באַדינגונגען, אין וועלכע עס אַנטשטייען אַזעלכע אַנאָמאַליען, זענען נישט באַקאַנט און מען קאָן זיי נישט פֿאָרויסזען; די שוואַנגערשאַפֿט אויסער דער געבויר-מוטער טרעפֿט-זיך אַפֿילו ביי פֿולקום געזונטע פֿרויען; יעדער געשלעכטלעכער אַקט בילדעט בכן פֿאַר דער פֿרוי אַ קליינעם שאַנס, אָבער פֿאָרט אַ שאַנס, ערנסט קראַנק צו ווערן.

**) ס'איז עקספּערימענטעל דערוויזן געוואָרן, אַז דאָס איי-קעמערל שיידט-אויס כעמישע שטאָפֿן, וואָס ווירקן צוציענדיק אויף די ספּערמאַטאָזאָידן.

אַ ספּעציעלן שפּיץ דאָס הייטל פון איי-קעמערל און פּאַרטיפּט זיך אין זיין לעבעדיקן שטאָף. דער ספּערמאַטאָזאָיד: 1) טראָגט-אַריין אין איי-קעמערל באַזונדערע גערונגס-שטאָפן אָדער פער-מענטן, וועלכע רעגולירן די זויערונגס-פּראָצעסן אין איי-קעמערל ביי זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג; 2) ער גיט אַ פיזיאָלאָגישן שטויס דער ווייבלעכער גאַמעטע, און זי הייבט זיך באַלד דערויף אָן צו טיילן און פאַרוואַנדלט זיך סוף-כל-סוף אין אַן עמבריאָן; 3) ער פירט אַריין אין איי-קעמערל יענעם שטאָף, מיט וועלכן עס זענען פאַרבונדן די פאַרירשונגס-אייגנשאַפטן פון פאָטער, ד. ה., דעם מענלעכן ירושה-גען. דער לעצטער גיסט זיך צונויף מיטן ירושה-גען פון דער ווייבלעכער גאַמעטע, און עס אַנטשטייט אַ נייע קאָמבינאַציע פון ירושה-גענען, וועלכע באַשטימט אין דער גרעסטער מאָס די באַזונדערקייטן און דעם גורל פון קומענדיקן מענטש.

ס'איז אויסערגעוויינלעך שווער גענוי פעסטצושטעלן, אין וועלכן מאָמענט קומט-פאָר דאָס דאָזיקע וויכטיקע פאַר דער פרוי „געשעעניש", ווייל ס'איז נישט באַוווּסט (ווי מיר האָבן עס געזען פריער) די גענויע צייט פון אָוווּלאַציע.

אין דער צייט ווען ביי בעלי-חיים איז דאָס פאַרנומען-ווערן צוגעפּאַסט צו באַשטימטע פעריאָדן, קאָן ביי פרויען, ווייזט-אויס, די באַפרוכפערונג צושטאַנד-קומען אין אַ באַליביקן טאָג. אייניקע מחברים האַלטן אָבער אויפן סמך פון זייטיקע ראיות, אַז דאָס פאַרנומען-ווערן געשעט עפטער פון אַלץ אין באַשטימטע טעג פון דער צווישן-צייט צווישן די מאָנאַטלעכע. פ א ל ק מ א ן (1926), למשל, האָט דורך אויסמעסטונגען באַשטימט דעם עלטער פון 18 מענטשלעכע עמבריאָנען און האָט אויף דעם סמך געפרוּווט דער-ווייזן, אַז אין דער ערשטער העלפט פון דער אָקאָרשט דער-מאָנטער צווישן-צייט קומען-פאָר טאָפּלט אַזוי פיל באַפרוכפערונגען ווי אין דער צווייטער העלפט. צו אַלע כללים פון דעם מין (אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור האָט זיך אָנגעקליבן גאַנץ פיל אַזעלכע כללים) מוז מען זיך באַציען זייער פאָרזיכטיק; כדי צו לייזן די פראַגע, מוז מען גענוי וויסן, ווען דאָס איי-קעמערל

פאַרלאָזט דעם אייערשטאָק, און אַרום דעם זענען פאַראַן דערווייל נישט מער ווי השערות.

מיר מוזן דאָ נאָך אונטערשטרייכן אַ פאַקט, וואָס איז ווייניק אינטערעסאַנט פון ביאָלאָגישן שטאַנד-פונקט, אָבער זייער וויכטיק פאַר דער ווייבלעכער פערזענלעכקייט. די ראָלע פון דער פרוי אין פאַרווירקלעכן דעם באַפרוכפערונגס-פּראָצעס און אין אַנטוויקלען דעם עמבריאָן איז אַ ריזיק גרויסע און אַ זייער שווערע, אָבער זי איז פאָרט נישט קיין שעפערישע, נאָר אַ פּאַסיווע, ווייל נישט די פרוי שאַפט דאָס קינד, נאָר דאָס קינד אַנטשטייט אין איר אָן אָנטייל פון איר ווילן און באַוווּסטזיין. איר אַקטיווי-קייט באַגרענעצט זיך מיט אויסוויילן, און דערביי אינסטינקטיוו אויסוויילן, אַזאַ אָדער אַן אַנדערן טרעגער פון מענלעכע גאַמעטן. דער ווייטערדיקער רעזולטאַט פון דער באַפרוכפערונג איז שוין פון איר נישט אָפּהענגיק, און די אַזוי וויכטיקע קאָמבינירונג פון גענען, די פאַרייניקונג פון צוויי קייטן פאַרירשונגס-שטאָפן, וואָס שטאַמען פון ווייטן עבר און קוקן-אַרויס אין דער צוקונפט, קומט-פאָר לויט דעם פּרינציפּ פון בלינדן צופאַל. קראָנאַכער פאַר-גלייכט אין זיינע „ביאָלאָגישע יסודות פון פי-צוכט" שאַרפזיניק, דאָס רייף-ווערן פון געשלעכטלעכע קעמערלעך און די באַפרוכ-פערונג מיט אַ קאָרטן-שפּיל. ער שרייבט: „מען שפּילט מיט צוויי פאַרשידענע טאַליעס קאָרטן, ווו די קאָרטן — כראָמאָזאָמען *) זענען אין אַ געוויסן סדר אויסגעלייגט דורך די פריערדיקע דורות. מען טאַשט יעדערע אויס פונסנייַ (דאָס רייף-ווערן), מען נעמט-אַראָפּ אַ העלפט פון יעדער טאַליע (אויסשיידונג פון רעדוצירטע קערפּער-לעך), און די איבערגעבליבענע העלפטן לייגט מען צונויף (צונויפגיסונג פון די גאַמעטן)".

*) די כראָמאָזאָמען זענען קערפּערלעך אין דער פאָרם פון שפּילקעס אָדער שטעקעלעך. זיי באַשטייען פון כראָמאַטין (דעם מאַטעריעלן טרעגער פון די פאַרירשונגס-אייגנשאַפטן) און ווערן בולט אין קערן ביי דער טיילונג פון קעמערל. ביים רייף-ווערן פון געשלעכטלעכן קעמערל ווערט דער סכום כראָמאַטין פאַרקלענערט אויף אַ העלפט, און אָט דער פּראָצעס רופט זיך אַן אויסשיידונג פון רעדוצירטע קערפּערלעך.

די פרוי שפילט ביאָלאָגיש בלויז די ראָלע פון אַן אינקובאַטאָר *), אין וועלכן ס'אַנטשטייט דאָס נייע לעבן. פאַר אירע ליידן אין דער צייט פון טראָגן די פרוכט קאָן זי נישט האָבן אַפילו יענע שאַפונגס-פרייד, מיט וועלכער עס ווערן באַלוינט די שעפערישע עינויים פון קינסטלער אָדער דערפינדער. קיין איין פרוי קאָן נישט באַאיינפלוסן די באַגעגעניש פון די גאַמעטן, און זי הייבט אַפילו נישט אָן צו וויסן, ווען דידאָזיקע באַגעגעניש קומט-פאָר. קיין איין פרוי ווייסט נישט, וועמען זי וועט געבוירן: אַ צווייטן ניוטאָן אָדער אַ פולקומען אידיאָט. די פאַראַנטוואָרט-לעכקייט פאַר יעדן געשלעכטלעכן אַקט איז אָבער ביי איר אומגעהייער גרויס, און ס'איז נישט בלויז אַ ביאָלאָגישע פאַר-אַנטוואָרטלעכקייט. יעדע אַריינדרינגונג פון מענלעכע גאַמעטן אין איר קערפער, וואָס זי האָט עס די ברירה צו דערלאָזן אָדער נישט צו דערלאָזן, איז אַ מעגלעכקייט פון געבוירן אַ נייַ לעבן. דאָס נייע לעבן וועט זיך אַנטוויקלען פאַר אירע אויגן, און פאַר זיינע האַנדלונגען וועט זי זיך האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך, ווייל זי האָט דערלאָזט, אָט דאָס נייע לעבן זאָל אויפקומען. ס'קאָן געמאָלט זיין, אַז דער מאַנסביל, וועלכער איז מאָראַליש פונקט אַזוי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעמדאָזיקן לעבן, זאָל אַפילו נישט וויסן פון זיין אויפקומען, די פרוי קאָן אָבער בשום אופן נישט אַנטלויפן פון דעם אַנטשטייענדיקן לעבן.

דער טראַגיזם פון ווייבלעכן ביאָלאָגישן באַרוף באַשטייט טאַקע דערין, וואָס נישט-ווילנדיק און, אַזוי-צו-זאָגן, בלינד פאַר-בינדט זי די קייטן פון די פאַרירשונגס-עלעמענטן און שפינט אַזוי-אַרום פאַטאַל דעם פאָדים, וואָס פאַרבינדט פאַרגאַנגענהייט מיט צוקונפט. טאַלענט און טעמפּקייט, גאונות און אידיאָטיזם, שיינקייט און העסלעכקייט, געזונטהייט און קראַנקהייט, אַלע גוטע און שלעכטע אייגנשאַפטן פון די אבות, אָפט זייער ווייטע אבות, — קאָנען זיך באַווייזן אין אַ גאָר אומגעריכטער פאַרבינדונג און אָנהייבן צו לעבן צו דער פרייד אָדער צו דער לייד פון די

---

*) אינקובאַטאָר — מכשיר אויף קינסטלעך אויסצוזיצן אייער פון עופות.

אַרומיקע, און עס איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט זיך אַריינ־צומישן און צו באַשטימען, ווי זאָל זיך אָפּשטעלן דאָס ראָד פון די גורלות.

## IX

געלער קערפּער פון שוואַנגערשאַפט. — אימפּלאַנטאַציע. — פּלאַצענטע. — פיזיאָלאָגישער איבערבוי פון גאַנצן אָרגאַניזם בעת דער שוואַנגערשאַפט. — „פיזיאָלאָגישער אַלטרויזם" פון דער שוואַנגערער פרוי.

די צונויפגיסונג פון דער מענלעכער גאַמעטע מיט דער ווייבלעכער האָט, ווי מיר האָבן געזען, אַן אומגעהייערע גרויסע באַדייטונג: זי עפנט דעם וועג צו דער סודותפולער און אומבאַוווסטער צוקונפט. פאַר יעדער איינצלנער פרוי באַדייט זי, אַז עס הייבט זיך אָן אַ „ביאָלאָגישער איבערבוי" פון איר גאַנצן קערפּער אויף צו באַשיצן די קאָמבינאַציע, וואָס איז צושטאַנדגעקומען צווישן די פאַרפּאַרשונגס-געגנען. לאָמיר איצט אַ קוק טון ווי אַזוי דער איבערבוי ווערט פאַרווירקלעכט.

בעת די ווייבלעכע גאַמעטע ווערט אַריינגעצויגן אין איי-פירער, אַנטשטייט אויפן אָרט פון איי-פּענכערל, וואָס האָט זיך געעפנט, כּדי זי אַרויסצולאָזן פון אייערשטאָק, אַ געלער קערפּער. ער נעמט אויף זיך די זאָרג וועגן ווייטערדיקן גורל פון איי-קעמערל, טאָרמאָזירט דורך זיינע האָרמאָנען דאָס עפענען זיך פון נייע איי-פּענכערלעך — ווייל דאָס וואָלט דערווייל קיין זין נישט געהאַט — און „סענסיביליזירט", ד. ה., גרייט-צו צום אויפנעם פון עמבריאָן דאָס שליים-הייטל פון דער געבויר-מוטער.

די באַפרוכפּערטע גאַמעטע הייבט גלייך אָן זיך צו טיילן און, באַוועגנדיק זיך כּסדר צו דער געבויר-מוטער, וואַקסט זי און פאַרוואַנדלט זיך אינגיכן אין אַ גרופּע קעמערלעך. צווישן די קעמערלעך באַמערקט זיך שוין אַ געוויסע דיפערענצירונג,

ד. ה., אונטערשידן, אָפּהענגיקע פון דער אַרבעטס-פאַרטיילונג, און דערפאַר קאָן מען די גרופּע באַטראַכטן ווי אַ קליינעם עמבריאָן. ווי אַ פּראָדוקט פון זיין לעבנס-טעטיקייט אַנטשטייען געוויסע כעמישע שטאָפן, אינקרעטן, וועלכע דערגרייכן דורכן בלוט-שטראָם ביזן געלן קערפּער און שטעלן „איין אַ כעמישע פאַרבינדונג מיט אים. אונטערן איינפלוס פון דידאָזיקע אינקרעטן וואַקסט זיך דער געלער קערפּער פאַנאַנדער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און פאַרוואַנדלט זיך אין געלן קערפּער פון שוואַנגערשאַפט. ביי אַ נישט-צושטאַנד-געקומענער באַפרוכפּערונג הייבט דער געלער קערפּער אָן פרי צו וועלקן און אין 2—3 וואָכן פאַרשווינדט ער אינגאַנצן. איצט אָבער, באַאיינפלוסט דורך די האָרמאָנען פון וואַקסנדיקן עמבריאָן, פאַרגרעסערט ער זיך אין זיין פאַרנעם און עקזיסטירט ווייטער אין משך פון עטלעכע חדשים, אַן ערך בעת דער גאַנצער ערשטער העלפט פון דער שוואַנגערשאַפט. זיין אינקרעציע שטעלט-אָפּ אויף לאַנג די אָוווּלאַציעס; זיי וואָלטן איצט געפירט בלויז צו אַן אומזיסטער הוצאה פון גאַמעטן אָדער צו אַן אויסבילדונג פון נייע, ייִנגערע עמבריאָנען *), וועלכע וואָלטן געדאַרפט קאָנקורירן מיט די עלטערע. אין שליים-הייטל פון דער געבויר-מוטער פירן די אינקרעטן פון געלן קערפּער דורך אַ ריי ענדערונגען, וועלכע זענען נויטיק פאַר דער „אימפּלאַנטאַציע" פון עמבריאָן. נאָכן אַריינקומען אין דער געבויר-מוטער, פרעסט זיך דער עמבריאָן איין מיט דער סאַמע דרויסנדיקער שיכט פון זיינע קעמערלעך אין צוגעגרייטן דערצו שליים-הייטל פון דער געבויר-מוטער. זיינע דרויסנדיקע קעמערלעך באַקומען די אייגנשאַפט אויפצופרעסן זייערע שכנים, זיי צעשטערן די געוועבן פון דער מוטער, און אַזוי-אַרום דרינגט דער עמבריאָן אַריין אין שליים-הייטל פון דער געבויר-מוטער. די מעכאַנישע אויפרייצונג פון עמבריאָן קאָמבינירט

*) קיין אויסבילדונג פון אַ נייעם אָדער פון נייע עמבריאָנען נאָכן פאַרנומפּ־חפרן קומט קיינמאָל נישט פאָר, און אַלע דערציילונגען וועגן דעם שטיצן זיך אויף אַ מיספאַרשטייעניש און האָבן נישט קיין וויסנשאַפטלעכן יסוד.

זיך מיט אַ כעמישער אויפרייציונג פון געלן קערפער, און ביידע צוזאַמען שטויסן זיי די געוועבן פון דער געבויר־מוטער, אויס־צובילדן צוזאַמען מיט די אויבערפלאַך־שיכטן פון עמבריאָן אַ נייעם אָרגאַן, די אַזויגערופענע פּלאַצענטע.

די צושטאַנד־געקומענע באַפרוכפערונג רופט בכן אַרויס קודם־כל ערנסטע כעמישע ענדערונגען אין אָרגאַניזם. אין דעם קאָמפּליצירטן שפּיל פון כעמישע אויפרייצונגען און אין די זיך־קרייצנדיקע נערוון־ווירקונגען רייסן זיך אַריין נייע מעכטיקע כוואַליעס: אינקרעטן פון געלן קערפער, און פון דעם אַלץ וואַקסנדיקן עמבריאָן און כעמישע אויפרייצונגען פון די געוועבן אין דער געבויר־מוטער, וועלכע צעפאַלן ביי דער אימפּלאַנטאַציע. דער קרענקלעכער צושטאַנד פון דער פרוי שוין אין די ערשטע טעג פון דער שוואַנגערשאַפט ווערט טאַקע דערקלערט דורך די כעמישע ענדערונגען אין בלוט־שטראָם, וואָס קומען־פאָר בעת דער אימפּלאַנטאַציע.

ווי שטאַרק עס זענען פיזיאָלאָגיש די אינקרעטן פון שוואַנגערן אָרגאַניזם, און ווי גרויס עס מוז זיין זייער ווירקונג אויף אַלע אָן אויסנאַם פּראָצעסן, קאָן מען זען פון פאָלגנדיקן פאַקט. אין אַלגעמיינעם גענומען דאָמינירן, אַזוי־צו־זאָגן, די מענלעכע האָרמאָנען איבער די ווייבלעכע. ליפּי (1921) האָט אונטערזוכט די צווילינגען פון אַ קו און האָט פעסטגעשטעלט, אַז ווען די צווילינגן זענען פון פאַרשידענע געשלעכטער, און ווען צווישן זייערע בלוט־געפעסן איז פאַראַן אַ פאַרבינדונג, אונטערדריקן די מענלעכע אינקרעטן פון ער די אַנטוויקלונג פון דער געשלעכטלעכער דריז ביי דער זי, און זי פאַרוואַנדלט זיך אין אַ הערמאַפראָדיט. מאַצויאַמאַ (1921) האָט אונטערזוכט דעם קינסטלעכן צונויפוווקס פון אַ שטשור אַן ער מיט אַ זי און האָט באַמערקט, אַז אין אַזאַ פאַל הייבן זיך אָן, ווי עס ווייזט־אויס אונטערן איינפלוס פון די האָרמאָנען, וואָס פאַרשפּרייטן זיך אין טאָפּלטן אָרגאַניזם, – אַטראָפישע דערשיינונגען אין די אייערשטאָקן. אויב אָבער די זי, וואָס איז צונויפגעוואָקסן מיטן ער, איז שוואַנגער, באַמערקט זיך אַ פאַרקערטע דערשיינונג: די

אינקרעציע פון שוואַנגערן אָרגאַניזם אונטערדריקט די זוימען-דריז און רופט-אַרויס אין איר דעגענעראַטיווע ענדערונגען. דאָס איז אַ שיינער עקספּערימענטעלער באַווייז, ווי שטאַרק עס איז די פיזיאָלאָגישע ווירקונג פון די אינקרעטן בעת דער שוואַנגערשאַפט.

ס׳איז איבעריק איבערצוחזרן דעם אַלגעמיין-באַקאַנטן פאַקט, אַז אַפילו ביי דער אַזויגערופענער „לייכטער" שוואַנגערשאַפט, פילט זיך די פרוי פונדעסטוועגן כמעט קיינמאָל נישט אינגאַנצן געזונט. אַ פרוי, וואָס איז מער-ווייניקער געוווינט צו באַאָבאַכטן זיך אַליין, וועט ביי זיך באַמערקן פאַרשידענע אומגעריכטע ווייטיקן און סימפּטאָמען פון דער קאָמפּליצירטער פיזיאָלאָגישער אַרבעט, וואָס ווערט אָפּגעטון אין די געוועבן פון איר קערפּער. דער מהות פון דידאָזיקע ענדערונגען באַשטייט דערין, וואָס אַלע פּראָצעסן פון מוטערלעכן קערפּער ווערן צוגעפּאַסט צו די פיזיאָלאָגישע אינטערעסן פון וואַקסנדיקן עמבריאָן. צווישן דער פּרוכט און דעם אָרגאַניזם פון דער מוטער באַשטייט לערך דאָסזעלביקע פאַרהעלטניש, ווי צווישן אַן אינעווייניקסטן פּאַראַזיט און זיין באַלעבאָס, און נישט אומזיסט האָט פ אַ ו ס ע ק אין זיין צייט זייער שאַרפזיניק דערקלערט, אַז די לעבעדיקע געבורט האָט זיך אַנטוויקלט פון פּאַראַזיטיזם. אַזאַ אויסטייטשונג שטרייכט-אונטער זייער בולט די אַלטרויִסטישע ריכטונג פון אַלע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן ביי דער מוטער.

אַלע כוחות פון מוטערלעכן אָרגאַניזם ווערן פאַרייניקט, כדי צו שאַפן גינסטיקע באַדינגונגען פאַרן וואַקסנדיקן עמבריאָן. אין קערפּער פון דער מוטער ווערט איינגעשטעלט אַ שטרענגע שפּאָרעוודיקייט, עס ווערן געקירצט ביז צו אַ מינימום אַלע הוצאות אויף אין דרויסן, כדי עס זאָל וואָס מערער בלייבן נאַרונג פאַר דער פּרוכט. ר ע פּ ר ע ו ו (1888) זאָגט, אַז בעת דער שוואַנגערשאַפט פאַרקלענערט זיך אין אייניקע פאַלן נאָך מער ווי בעת אַ הונגער די הוצאה אויף די פּראָדוקטן, וואָס ווערן אָפּגעגעבן אויף אין דרויסן, און עס ווערן ביז גאָר שוואַך די אויסנווייניקסטע באַ-ווייזן פון לעבן. לויט רעפּרעווס מיינונג „קאָן דער ווייבלעכער אָרגאַניזם אין פּעריאָד פון שאַפן ענלעכע צו זיך אָרגאַניזמען

נישט אויספירן יענע פאַרשטאַרקטע מוסקולערע און פּסיכישע אַרבעט, צו וועלכער ער איז פעיק בעת געשלעכטלעכער רו".

זייער אויספירלעכע פּאָרשונגען פון ראָבערט בענדאַ (1927) האָבן באַוויזן, אַז בעת דער שוואַנגערשאַפט, און דער עיקר אין איר צווייטער העלפט, און בעת דער קימפּעט, ווערט כסדר און אָן אויפהער צעשטערט דאָס אַזויגערופענע רעטיקולאַר-ענדאָטעליאַלע סיסטעם, וואָס האָט, לויט דער היינט-צייטיקער מעדיצין, זייער אַ גרויסע באַדייטונג. מיט דעמדאָזיקן נאָמען ווערן אין דער פיזיאָלאָגיע געמיינזאַם באַצייכנט אַ ריי אָרגאַנען, אָדער ריכטיקער, באַשטימטע געוועב-עלעמענטן פון אַ ריי אָרגאַנען. דידאָזיקע אָרגאַנען זענען צעוואָרפן איבער אַלע ווינקעלעך פון קערפּער, זיי האָבן אָבער פאַר זיך איין פיזיאָלאָגישע אויפגאַבע: באַשיצן דעם בלוט-שלאַך אין ברייטן זין פון וואָרט, ד. ה., דעם גאַנצן אָרגאַניזם, ער זאָל נישט פאַראומרייניקט ווערן דורך פּראָדוקטן פון צעפאַלונגס-פּראָצעסן און זאָל נישט פאַרסמט ווערן דורך די גיפטיקע פּראָדוקטן פון מיקראָאָרגאַניזמען. צו דעם-דאָזיקן באַשיצונגס- און רייניקונגס-אַפּאַראַט, וואָס איז פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן קערפּער, געהערן דער ענדאָטעל (די אינעווייניקסטע באַדעקונג) פון די בלוט-געפעסן, דאָס רעטיקולאַרע געוועב פון דער לעבער, פון די נעבן-נירן, פון דער מילץ א. אַנד. אָט דער אַפּאַראַט, וואָס איז אַזוי וויכטיק אין קאַמף פון אָרגאַניזם מיט שעדלעכע איינפלוסן, ווערט, לויט בענדאַס פּאָרשונגען, בעת דער שוואַנגערשאַפט כסדר און אָן אויפהער געשעדיקט. בענדאַ זאָגט, אַז „דער פאַרטיידיקונגס-קאַמף, וועלכן ס'קומט-אויס צו פירן דעם אָרגאַניזם פון דער שוואַנגערער פרוי, איז זייער ענלעך צו דעם קאַמף, אין וועלכן דער אָרגאַניזם ווערט אַריינגעצויגן, ווען עס דראָען אים די טרעגער פון אַן אינפעקציע און זייערע פּראָדוקטן".

חדשים-לאַנג ווערט געשטערט אויך די טעטיקייט פון נערוון-סיסטעם. פּוריסקאָוו (1922) האָט לויט מעטאָדן פון אָביעקטיווער פּסיכאָלאָגיע אויסגעפּאָרשט דעם פיזיאָלאָגישן צו-שטאַנד פון נערוון-סיסטעם ביי שוואַנגערע בעלי-חיים און האָט

פאַרן פּאָטער ניט קיין וויכטיקערע ראָלע ווי אַנדערע ענדערונגען פון דער אַרומיקער סביבה. אין פּאָטערס „נשמה" ווערט נישט איבערגעאַנדערשט די פּערספּעקטיוו, ווי דאָס געשעט ביי דער מוטער צוליבן קינד.

מיט דער געבורט פון נייע קינדער אַנטשטייען ביי דער פרוי אַלץ מער און מער אַזעלכע באַדינג-רעפלעקסן, כסדר שטעלט זי איין מיט דער אַרומיקער סביבה אַלץ נייע פאַרבינדונגען פון אַן אויסערסט איינזייטיקן כאַראַקטער. אַזוי-אַרום דערווייטערט זי זיך אַלץ מערער און מערער פון גלייכווערטיקן צו איר מאַנסביל, וועלכער האָט זיך דערווייל אָפגערופן אויף די אויסנווייניקסטע דערשיינונגען נישט בלויז מיט נייע, נאָר אויך מיט אויסער-געוויינלעך פאַרשידנאַרטיקע באַדינג-רעפלעקסן. דער מאַנסביל, וואָס ווייסט נישט וועגן דעם אָדער גיט זיך דערפון נישט אָפּ קיין דין-וחשבון, הערט-אויף צו פאַרשטיין די פרוי, און ביידע הייבן זיי אָן צו רעדן, אַזוי-צו-זאָגן, אויף פאַרשידענע שפּראַכן.

## XI

**פערמער לעבנס-עטאפּ פון דער פרוי. — פיזיאָלאָגי־שער איבערבוי פון ווייבלעכן אָרגאַניזם בעתן קלימאַקטעריום. — דאָס קלימאַקטעריום ווי אַ בולטער אויסדרוק פון דער פרויס ביאָלאָגישער טראַגעדיע.**

דאָס, וואָס איז באַשריבן געוואָרן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, חזרט זיך איבער נישט איין מאָל, נאָר כסדר און אַ סך מאָל און לייגט-אַרויף אַ שטעמפּל אויפן גאַנצן אָרגאַניזם פון דער פרוי. די פרוי איז פאַרבונדן מיטן גורל פון אירע גאַמעטן, און אין משך פון איר געשלעכטלעכער טעטיקייט איז זי צוגעשמידט צו זיי ווי אַ קאַטאָרזשניק צו זיין וועגעלע. ביי יעדן פרווו אַוועקצוגיין פון די גאַמעטן און אָנצוהייבן לעבן אַזוי ווי דער מאַנסביל, שפירט די פרוי בלויז נאָך שאַרפער און בולטער איר „ביאָלאָגישע פאַרשקלאַפונג".

די פאַרשקלאַפונג ענדיקט זיך ערשט, ווען די פרוי טרעט־אַריין אין איר פערטן לעבנס-פעריאָד, וואָס זיינע נאַטירלעכע גרענעצן זענען פון איין זייט דאָס קלימאַקטעריום און פון דער אַנדערער זייט — דער טויט.

מיטן טערמין קלימאַקטעריום ווערט באַצייכנט דער מאָמענט אין לעבן פון דער פרוי, ווען די נאַטור שליסט-אָפּ דאָס דינען פון דער פרוי דעם „גאָט פון מין", און ווען די גאַמעטן הערן-אויף זיך אויסצושיידן פון איר אייערשטאָק. אַזאַ מאָמענט קומט פריער אָדער שפּעטער, אין אונזער קלימאַט עפּטער פאַר אַלץ אין עלטער פון 45 ביז 60 יאָר.

ביז צו דער צייט זענען אַלע פּראָצעסן פון אָרגאַניזם

געווען צוגעפּאַסט דווקא צו דער זאָרג וועגן די גאַמעטן. בכן איז קלאָר, אַז בעתן קלימאַקטעריום דאַרפן אין אָרגאַניזם פאָר־קומען זייער ערנסטע ענדערונגען, וועלכע זענען לויט זייער טיפקייט און קראַפט עטוואָס ענלעך דערצו, וואָס געשעט אין אַ קאַסטרירטן אָרגאַניזם. די קלימאַקטערישע דערשיינונגען זענען אויסערסט אינדיווידועל, אין געוויסע פאַלן זענען זיי אויסגעדריקט בולטער, אין אַנדערע — שוואַכער.

דאָס קלימאַקטעריום הייבט זיך אָן דערפון, וואָס עס הערן־אויף זיך צו עפענען די איי־פּענכערלעך, און עס בייט זיך נישט מערער דאָס שליים־הייטל פון דער געבויר־מוטער, ד. ה., עס שטעלן זיך אָפּ די מענסטרואַציעס.

אין דער ערשטער צייט בילדן זיך נאָך אויס איי־פּענכערלעך, זיי ווערן אָבער נישט צייטיק. אין עטלעכע יאָר אַרום פאַרשווינדן אַלע שפּורן פון די גאַמעטן, פּונקט ווי זיי וואָלטן דאָ גאָר קיינמאָל נישט געווען, און דער אייערשטאָק פאַרוואַנדלט זיך אין אַ געדיכטן פאַרבינדונגס־געוועביקן קנויל. צוזאַמען מיט דער רעדוקציע פון די איי־פּענכערלעך און פון די גאַמעטן שטעלט זיך אָפּ אויך די אינעווייניקסטע סעקרעציע פון אייערשטאָק. דאָס פעלן פון אַזאַ וויכטיקן פיזיאָלאָגישן פאַקטאָר איז גורם אַ ריי שעדיקונגען אין אָרגאַניזם, ענלעכע צו די שעדיקונגען, וואָס קומען נאָך אַן אָפּעראַטיווער באַזייטיקונג פון די געשלעכטלעכע דריזן. די מאָנאַטלעכע הערן־אויף אויף צווייערליי אופנים: אָדער זיי ווערן יעדן חודש אַלץ שוואַכער און הערן לסוף אינגאַנצן אויף, אָדער זיי קומען־צושטאַנד אין לענגערע אינטערוואַלן (למשל, איין מאָל אין עטלעכע חדשים), געדויערן אָבער לענגער און זענען שטאַרקער ווי געוויינלעך, און ערשט דערנאָך רייסן זיי זיך אינגאַנצן איבער. גלייכצייטיק פאַרוועלקן אויך די איבריקע טיילן פון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט — די איי־פירער, די געבויר־מוטער און די שייד. זייערע מוסקל־הייטלעך ווערן אַטראָפירט, די שליים־הייטלעך ווערן גרעבער און סקלעראָטיזירן זיך. דאָס ענגסטע אָרט פון די איי־פירער קאָן אַפילו אינגאַנצן פאַר־וואַקסן ווערן. דער ווייבלעכער געשלעכטלעכער אַפּאַראַט פאַר־

וואַנדלט זיך אין אַ קאָמפּלעט אומטעטיקע אָרגאַנען, וואָס זענען שוין מער אינגאַנצן נישט נויטיק פאַרן קערפּער. עס שטעלן זיך אָפּ אין זיי די פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן, און פון דער אַנדערער זייט קאָנען איצט אויפקומען אַלערליי פּאַטאָלאָגישע דערשיינונגען און ניי-בילדונגען.

גלייכצייטיק מיטן אויפהערן פון דער געשלעכטלעכער אינקרעציע ענדערט זיך קודם-כל די טעטיקייט פון די אַנדערע ענדאָקרינע אָרגאַנען און פון נערוון-סיסטעם. באַזונדערס וואַרפט זיך אין די אויגן אַ פאַרגרעסערונג פון דער שילד-דריז, וועלכע איז בכלל אין איר פיזיאָלאָגישער טעטיקייט גאָר ענג פאַרבונדן מיט דער געשלעכטלעכער ספערע. עס ענדערן זיך אויך די צוגאָב-דריז (היפּאָפיזע) און די נעבן-נירן. די הויט, וועלכע איז אַזוי שפּירעוודיק פאַר אַלע ענדערונגען אין אָרגאַניזם, ווערט שלאַפער, באַדעקט זיך מיט פאַלדן און קנייטשן און ווערט נישט-נאָרמאַל פּיגמענטירט. אויף דער הויט באַווייזן זיך אַלערליי ניי-בילדונגען, ווי למשל, בראָדעוועקעס. עס פאַרגרעסערט זיך שטאַרק די שיכט פעטס אונטער דער הויט. אָפּט באַווייזט זיך אַ נישט-נאָרמאַלע באַהאָרונג, אויף דער אויבערשטער ליפּ און אויפן קין וואַקסן צ. ב. גרויס האָר, און פאַרקערט, אויף יענע קערפּער-טיילן, ווו עס זענען געווען האָר ווערן די האָר שיטערער.

צוליבן פעלן פון דער געשלעכטלעכער פונקציע ווערט צעשטערט דער שטאָף-אויסטויש. דאָס זעט זיך אין אַ ריי דער-שיינונגען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן קלימאַקטערישן פעריאָד, ווי למשל, שטערונגען פון דער בלוט-צירקולאַציע (אומ-געריכטע בלוט-צופלוסן צום קאָפּ, געפיל פון לייכטער היץ, בלוטונגען פון נאָז און העמאָראָידאַלע בלוטונגען א. אַ. וו.), גישט-רעגלמעסיקייט פון פּולס (אָפּט פאַרגיכערט ער זיך פּלוצים ביז 120 — 150 מאָל אין אַ מינוט), נישט-נאָרמאַלעס שוויצן, היפּערעסטעזיע (פעיקייט זיך זייער לייכט אויפצורעגן), אומזיכערער גאַנג, לייכטע פאַרמאַטערטקייט, אָפּטע טרערן, שלעכטער שלאָף, קאָפּ-ווייטיקן און אַפילו פאַרשידענע פּסיכאָזן.

די אַלע שעדיקונגען ווייזן, אַז אין אָרגאַניזם פון דער

קלימאַקטערישער פרוי קומט־פאַר אַ ראַדיקאַלער איבערבוי, און די גאַנצע פיזיאָלאָגישע מאַשינעריע ווערט אַוועקגעשטעלט אויף נייע יסודות. עס וואָלט אָבער געווען פאַלש צו מיינען, אַז דאָס איז אַ ווירקלעכע באַפרייונג פון דער ביאָלאָגישער פאַר־שקלאַפונג. די יסודות, אויף וועלכע ס׳ווערט איבערגעבויט דער קערפער, האָבן אַ באַשטימטן אָפּנויג, דהיינו, אין דער ריכטונג צום טויט.

איצט ווערט ליקווידירט די פיזיאָלאָגישע פּראָדוקציע און עס ווערט אויס מיט יענע טיילן, וואָס האָבן געבילדעט דעם געגעבענעם יחיד. זיי האָבן אויסגעדינט זייער צייט און זענען שוין מער נישט נויטיק. די אומברחמנותדיקייט פון דער נאַטור און די ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי וואַרפן זיך אין די אויגן בשעת אָט דעם צושטאַנד פון פיזיאָלאָגישער אינוואַלידקייט, וואָס שטעלט זיך איין אין קערפער פון דער פרוי, ווען עס הערט־אויף די פּראָדוקציע פון די גאַמעטן. אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט באַווייזט זיך דער איינפאַכער ביאָלאָגישער אמת, אַז סיי די שיינקייט, סיי דער פּרעכטיקער פּאַנאַנדערבלי פון דער „נשמה״, זענען נויטיק געווען בלויז, כדי צו זיכערן די באַ־געגעניש פון די גאַמעטן. ווי נאָר עס פאַלט־אָפּ די מעגלעכקייט דערצו, פאַרלירט די נאַטור יעטוועדן אינטערעס צום געגעבענעם יחיד און רויק לאָזט זי איינפאַלן די פּרעכטיקע געביידע, וועלכע איז אויפגעריכט געוואָרן פאַר דער טריומפאַלער באַגעגעניש פון די גאַמעטן.

די פיזיאָלאָגיע פון אַ פרוי, וואָס האָט דערגרייכט דעם קלימאַקטערישן עלטער, שטייט אונטערן צייכן פון באַרג־אַראָפּ. אַלע פּראָצעסן אין איר קערפער קומען־פאָר, אַזוי־צו־זאָגן, לויט אינערציע, אָפּהענטיק און פּונקט ווי נישט־ווילנדיק.

דער גלענצנדער טעמפּל פון ווייבלעכן קערפער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פאַרוואָרפענער געביידע, וועלכע פאַלט־איין בהדרגה און ווערט באַוואַקסן מיט מאָך און גראָז.

דער קלימאַקטערישער פּעריאָד איז אַן עפּאָכע פון טויט נישט בלויז פון קערפער, נאָר אויך פאַר דעם, וואָס ווערט אָנגערופן „נשמה״.

די פרוי ווערט אַזוי געוווינט צו זיין אָפּהענגיק פון די גאַמעטן, אַז אַפילו נאָכן באַפרייען זיך פון אָט דער קאַלענדאַרישער אָפּהענגיקייט, קאָן זי נישט ברענגען צום אויסדרוק איר גלייכ־ ווערטיקייט מיטן מאַנסביל. די פליגלען זענען צעבראָכן, און צוזאַמען מיט די געשלעכטלעכע האָרמאָנען פאַרשווינדט אויף שטענדיק אויך דער לעבנס־אימפּעט, אָן וועלכן ס׳איז שווער אָנצוהייבן אַ ניי לעבן.

מיט דערדאָזיקער כּסדרדיקער צעשטערונג פון דער פרויס קערפּער, וואָס ווערט פאַרלאָזן דורך דער נאַטור, פאַרענדיקט זיך טאַקע איר לעבן...

## XII

ביאָלאָגישער און סאָציאַלער טראַגיזם פון דער פרוי. — וויכטיקייט פון אויפקלערונג וועגן די יסודות פון געשלעכטלעכן לעבן. — געשלעכטלעכע מאָראַל און ביאָלאָגישע אומגלייכקייט פון דער פרוי. — נייע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען, וועלכע קאָנען פאַרלייכטערן די ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי.

מיר זעען, אַז דאָס גאַנצע לעבן פון דער פרוי, ווינט דער געשלעכטלעכער צייטיקייט ביז צום סאַמע טויט, טראָגט אויף זיך באמת אַ חתימה פון טראַגיזם.

מען קאָן איינווענדן, אַז דערדאָזיקער טראַגיזם ווערט גוטגעמאַכט דורך אַ ריי צאַרטע איבערלעבונגען און שפּירונגען, נישט צוטריטלעכע פאַרן מאַנסביל, אַז עס זענען פאַראַן פרויען, וועלכע גייען מיט פרייד אַקעגן דערדאָזיקער טראַגעדיע, וועלכע שפּירן בלויז אין איר די פרייד און דעם תמצית פון לעבן, און פאַר וועלכע די מוטערשאַפט איז נישט קיין אָפּקומעניש, נישט קיין שטראָף, נאָר אַ לאַנג געגאַרט פאַרגניגן.

דאָס איז אַלץ ריכטיק, בלי שום ספק איז דאָס ריכטיק; דאָס איז אָבער בלויז איין זייט פון דער מטבע, און די אַנדערע זייט מטבע האָב איך באַשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך. אויב מען זאָל אויף איין וואָג-שאָל אַרויפלייגן אַלע יסורים פון דער געשלעכטלעך רייפער פרוי און אויף דער אַנדערער — די געציילטע פריידן, וועלכע באַלייכטן פון צייט צו צייט איר לעבן, וועט בלי שום ספק די ערשטע שאָל באַדייטנד אַריבערוועגן.

דער ביאָלאָגישער טראַגיזם פון דער פרוי ווערט נאָך

פאַרשטאַרקט דורכן סאָציאַלן טראַגיזם. דער מאַנסביל און די פרוי זענען געגליכן צו אַ קורצזיכטיקן און אַ ווייטזיכטיקן. אויב איר וועט זיי אַוועקזעצן אין טעאַטער אויף גלייכע ערטער, אין איין־און־דערזעלביקער ריי, וועט דאָס זיין בלויז אַ ריין פאָרמעלע גלייכקייט, ווייל דעמאָלט וועט אָדער איינער אָדער דער אַנדערער גאָרנישט זען. דער נמשל זענען די באַציִונגען פון דער מלוכה און פון אירע געזעצן צו דער פרוי. דער גאַנצער לעבנס־שטייגער איז צוגעפּאַסט און צוגעשניטן צו די אינטערעסן פון דער מענלעכער העלפט פון מענטשלעכן מין, וועלכע איז אַקטיווער און פריי פון פליכטן לגבי דעם געשלעכט. אַן איינפאַכע גלייכבאַרעכטיקונג פון דער פרוי מיט די מאַנסבילן איז ענלעך צום אַוועקזעצן אויף איין באַנק מיט קורצזיכטיקע אויך אַ ווייטזיכטיקן, — דער לעצטער וועט סיי ווי נישט קאָנען אויסנוצן זיין גינסטיקן פּלאַץ.

פאַר סאָציאַלער גלייכקייט פון דער פרוי מוז מען קעמפן דאָרטן, ווו זי איז נאָך נישט דערגרייכט געוואָרן, ווו זי איז אָבער געזעצגעבעריש איינגעשטעלט און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער זאַך, טאָר מען נישט מגזם זיין די באַדייטונג דערפון און זיך באַגנוגענען דערמיט. מען מוז גיין ווייטער און זוכן אַזעלכע לעבנס־פאָרמען, וועלכע זאָלן פאַרלייכטערן די „טראַגעדיע פון מין".

אויב דער פרוי איז שווער זיך צו באַפרייען פון די אינעווייניקסטע טאָרמאָזן, וועלכע זענען פאַרלייגט טיף אין איר נאַטור, הייסט עס נאָך נישט, אַז דער ביאָלאָגישער טראַגיזם קאָן בשום אופן נישט ווערן פאַרלייכטערט. אַלץ, וואָס ווערט באַהאַנדלט אין דעם ביכל, מוז יעדער־איינער וויסן, כאָטשבי צוליב דעם אַליין, ער זאָל זיך אויסלערנען צו פאַרשטיין די פרוי און זיין לגבי איר יושרדיק. אַ מענטש, וואָס איז באַקאַנט מיט דער ביאָלאָגיע פון דער פרוי, וועט נישט בייזערן זיך און נישט לאַכן פון אירע אומגעריכטע שטימונגען, אומבאַגרינדעטן כּעס און נישט־מאָטיווירטע האַנדלונגען. ער וועט, פאַרקערט, האָבן מיטגעפיל מיט די טרעגערינס פון די ווייבלעכע גאַמעטן,

וועלכע האָבן דיזעלביקע אינטערעסן און שטרעבונגען, ווי ער, זענען אָבער באַלאַסטעט מיט שווערערע ביאָלאָגישע אויפגאַבן. ווען אַ מאַנסביל זאָל וויסן, ווי אַזוי דאָס איי-קעמערל גייט-אַריין אין דעם איי-פירער, און ווי עס פילן זיך אָן מיט בלוט פאַר דער מענסטרואַציע אַלע בעקן-אָרגאַנען פון דער פרוי, איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז ער זאָל לאָזן אַ פרוי שטיין אין טראַמוויי אָדער אין צוג און זאָל נישט-ווילנדיק איר נישט אָפּ-טרעטן זיין אָרט; ער מוז עס טון, כאָטשבי צוליב דעם אַליין, וואָס אפשר געפינט זי זיך גראָד אין ערב-מענסטרואַלן פעריאָד און פילט אַ שווערקייט, אַ נאָגנדיקן ווייטיק און עס ברעכט איר אין קרייץ.

אַ סך קאָנפליקטן, טרערן, פאָרווורפן, מיספאַרשטייענישן און שווערע דראַמען וואָלטן אויסגעמיטן געוואָרן, אויב עס וואָלט געווען ברייט פאַרשפרייט די איינפאַכסטע קענטעניש פון געשלעכטלעכער פיזיאָלאָגיע. יעדער מאַנסביל מוז וויסן און געדענקען, אַז די פרוי איז אין אַלע היגזיכטן אַ גלייכווערטיק צו אים באַשעפעניש, און נישט בלויז אַ שותּף פאַר באַ-העפטונגען. דאָס, וואָס איז פאַרן מאַנסביל בלויז אַן איינ-פאַכער און זייער אָנגענעמער רעפלעקס, באַדייט פאַר דער פרוי דעם אָנהייב פון קאָמפּליצירטעסטע פּראָצעסן, וואָס קערן-איבער איר גאַנצן אָרגאַניזם און שטעלן זי נישט זעלטן פּנים-אל-פּנים מיטן טויט.

די קענטעניש פון דער פרויען-פיזיאָלאָגיע איז אומבאַדינגט נויטיק, כדי אין דער צוקונפט זאָלן געזינטער און אמתדיקער ווערן די באַציִונגען צווישן די געשלעכטער.

די אַלטע געשלעכטלעכע מאָראַל, וועלכע שטיצט זיך אויף דער פאַלשער און צביעותדיקער מאָנאָגאַמיע, פאַרלירט איצט בהדרגה אַלע אירע פּאָזיציעס, און די נייע געשלעכטלעכע עטיק געפינט זיך נאָך דערווייל אין אַן עמבריאָנעלן צושטאַנד. ס'איז אָבער קיין שום ספק נישטאָ, אַז איר יסוד וועט בילדן דווקא די ביאָלאָגיע פון געשלעכט.

די אַלטע געשלעכטלעכע מאָראַל, וועלכע איז דורך-און-

דורך אָנגעזאַפּט מיט צביעות, האָט זיך ווייניק גערעכנט מיט דער ביאָלאָגישער טראַגעדיע פון דער פרוי. ביים אויסאַרבעטן נייע פאָרמען פון באַציִונגען צווישן די געשלעכטער מוזן גענומען ווערן אין אַכט אַלע באַזונדערקייטן פון ווייבלעכן אָרגאַניזם, וועלכע זענען באַשריבן געוואָרן אויף די פריערדיקע זייטלעך, און ווערליג דעם מוזן געמאַכט ווערן אַלע אויסבעסערונגען.

בלויז אַרויסגייענדיק פון דער ביאָלאָגישער „אומגלייכקייט" פון די געשלעכטער, קאָן מען שאַפן אויפריכטיקע, געזונטע און יושרדיקע באַציִונגען צווישן מאַנסביל און פרוי. דידאָזיקע באַציִונגען וועלן זיכער בילדן דעם יסוד פון אַנטשטייענדיקן נייעם לעבנס-שטייגער, און אויף דעם וועג מוזן גיין די סאָציאַלע רעפאָרמען.

מען מוז אָנערקענען, אַז איצט, אין די באַדינגונגען פון אַן איבערגאַנגס-תקופה, איז באַרעכטיקט די שטרעבונג פון דער פרוי צו פאַרלייכטערן די טראַגעדיע פון איר מין דורך רעגולירן דאָס קינדלען. דער מענטש באַזיצט העכערע מאַרך-צענטרען כּלל נישט כּדי צו גיין אומבאַדינגט אויף די וועגן, וואָס ווערן אים אָנגעוואָרפן דורך די בלינדע כּוחות פון דער נאַטור, און עס וואָלט געווען אויסטערליש צו פאָדערן פון דער פרוי, אַז זי זאָל זיך פאַר־וואַנדלען אין עפּעס אַ „מאַשין אויף צו קינדלען". נישט בלויז עקאָנאָמישע מאָטיוון, נאָר אויך דער פולקום געזעצלעכער ווילן אַראָפּצוואַרפן פון זיך די שווערע ביאָלאָגישע לאַסט צווינגט די פרוי צו זוכן אַן אויסגאַנג פון דער געשלעכטס-טראַגעדיע אין די עקלהאַפטע און שעדלעכע פאַרהיטונגס-מיטלען ווי אויך אין אַבאָרטן. נישט ווייט איז שוין מסתּמא די צייט, ווען עס וועלן געפונען ווערן זיכערערע מיטלען אויף אויסצומיידן שוואַנגערשאַפט, און די נייעסטע ביאָלאָגיע האָט שוין אָנגעטאַפּט דעם וועג, וואָס פירט דערצו: דורך אַריינמישן זיך באַצייטנס אין די פּראָצעסן פון אינעווייניקסטער סעקרעציע וועט די פרוי אין דער צוקונפט מסתּמא האָבן אַ מעגלעכקייט אַליין צו באַשליסן, צי זאָל זי איצט האָבן אַ קינד אָדער נישט, און וועט

נישט זיין געצווונגען זיך אָפּצוּוואָגן פון געשלעכטלעכן לעבן. אַזאַ ציטוויייליקע און אומשעדלעכע סטעריליזאַציע (אומ-פּרוכפּעריקייט) פון דער פרוי איז מעגלעך אויף פּאָלגנדיקע פּרינציפּן. דער אייערשטאָק פון שוואַנגערן בעל-חי טאָרמאָזירט דורך זיינע האָרמאָנען די אָווולאַציע און דערלויבט נישט די איי-פּענכערלעך זיך צו עפענען. מען האָט געפּרווּט איבערזעצן צו נישט-שוואַנגערע זיען אין די רוקן-מוסקלען אייערשטאָקן פון שוואַנגערע בעלי-חיים, און ס׳פּלעגט דערגרייכט ווערן אַ ציטוויייליקע אומפּרוכטבאַרקייט, ווייל די אָווולאַציעס, זענען טאָרמאָזירט געוואָרן דורך די געשלעכטלעכע האָרמאָנען. אַ דאַנק דעם ווערט מעגלעך צו מאַכן די פרוי אויף אַ געוויסער צייט אומפּרוכטבאַר, — ווייזט-אויס, אָן אַ באַזונדערן שאָדן פאַר איר געזונט: מען דאַרף צוגרייטן עקסטראַקטן פון די אָרגאַנען פון שוואַנגערע בעלי-חיים און אַריינגעבן דער פרוי מעדיצינען, צוגעגרייטע פון דידאָזיקע עקסטראַקטן. קנאַוס (1924) האָט אין משך פון 1 $^{1}/_{2}$ חדשים אַריינגעגעבן זיען שטשורעס צו 0,2 גראַם עקסטראַקט פון געלן קערפּער, וואָס טאָרמאָזירט די אָווולאַציעס, ד. ה., דאָס עפענען זיך פון די איי-פּענכערלעך, נישט שטערנדיק זיי רייף צו ווערן. אַ דאַנק דעם פלעגט דערגרייכט ווערן אַ קינסטלעכע אומפּרוכטבאַרקייט. די איי-פּענכערלעך האָבן זיך בלויז נישט געקאָנט עפענען, זיי פלעגן זיך אָבער אויסבילדן ווייטער, און גלייך נאָכן איבעררייסן די איינשפּריצונגען פלעגן די בעלי-חיים פאַרשוואַנגערן און ברענגען אויף דער וועלט אַ זייער גרויסע, אַפילו פאַר שטשורעס, צאָל קינדער — דהיינו, 9, 15 און אַפילו 19 שטשורעלעך.

ס׳איז פאַראַן נאָך אַן אַנדערער וועג, וואָס איז אָנגעמערקט געוואָרן אין רוסלאַנד דורך טושנאָוון און וואָס ווערט איצט באַאַרבעט דורך אייניקע אַמעריקאַנער פיזיאָלאָגן. ער באַשטייט אין צוגרייטן אָרגאַנישע פּראָדוקטן, וואָס מיט זייער הילף קאָן מען דעם אָרגאַניזם ציטוויייליק מאַכן אומפעיק צו שוואַנגערשאַפט. אויב מען פירט-אַריין לעבעדיקע ספּערמאַטאָזאָידן נישט אין די געשלעכטלעכע אָרגאַנען פון דער זי, נאָר אינם בלוט פון זיען

אָדער ערן, באַציט זיך דאָס בלוט צו דידאָזיקע אומגעבעטענע געסט ווי צו זייטיקע שטאָפן, וואָס דראָען צו פאַראומרייניקן דעם בלוט-שטראָם. דאָס בלוט באַנוצט אַקעגן זיי דיזעלביקע וואָפן, מיט וועלכע עס פאַרטיידיקט זיך פון געפערלעכע קראַנקהייטס-באַצילן. אין בלוט, ווו עס געפינען זיך ספערמאַטאָזאָידן, בילדן זיך אויס ספעציעלע אַנטי-קערפער, וועלכע טויטן די זרע-פעדימלעך. פראָפ. טושנאָוו האָט אין זיינע פרווון באַנוצט דידאָזיקע אַנטי-קערפער, כדי צו מאַכן אומפרוכטבאַר דעם ווייבלעכן אָרגאַניזם. ער האָט אַ סך מאָל אַריינגעגעבן אין בלוט פון זיען לעבעדיקע זרע-פעדימלעך (אין דער פאָרם פון אַן עמולסיע) און סוף-כל-סוף האָט ער אַזוי אָנגעזעטיקט זייער אָרגאַניזם מיט די אַנטי-קערפערס, אַז ביי זיי האָט זיך באַוויזן אַ געוויסע אימוניטעט אַקעגן שוואַנגערשאַפט, און זיי האָבן אויף אַ געוויסער צייט פאַרלוירן די פעיקייט באַפרוכפערט צו ווערן. טושנאָוו איז געגאַנגען ווייטער אויף דעם וועג, ער האָט צוגעגרייט פליסיקייטן, וואָס פלעגן פאַרהיטן פון שוואַנגערשאַפט, און מיט באַזונדערע אופנים האָט ער שטאַרק געהעכערט זייער גיפטיקייט פאַר די ספערמאַטאָזאָידן. די ווירקונג פון אַזעלכע איינשפריצונגען האָט אָנגעהאַלטן אין משך פון עטלעכע חדשים. דערנאָך האָבן זיי געמוזט איבערגעחזרט ווערן, אַנישט פלעגט זיך צוריק באַווייזן די פעיקייט פאַרנומען צו ווערן. אין דער צייט פון אימוניטעט פלעגט דאָס געשלעכטלעכע לעבן פון די באַהאַנדלטע זיען זיך להלוטין נישט אָפּנויגן פון דער נאָרמע. זיי פלעגן אַרויסווייזן אַ געשלעכטלעכן דראַנג און זיך באַהעפטן מיט ערן פונקט ווי נאָרמאַלע בעלי-חיים, עס פלעגט אָבער ביי זיי נישט צושטאַנדקומען קיין צונויפגיסונג פון די גאַמעטן. נאָך דידאָזיקע איינשפריצונגען זענען נישט באַמערקט געוואָרן קיין שום קרענקלעכע שטערונגען אָדער נישט-געווּנטשענע רעזולטאַטן אין אָרגאַניזם. אין דער הינזיכט מוז מען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זיין זייער פאָרזיכטיק, און עס זענען נאָך נויטיק זייער פינקטלעכע קאָנטראָל-פאָרשונגען.

פאַר דער לעצטער צייט זענען דידאָזיקע ביאָלאָגישע אופנים אַרויסצורופן אומפרוכטבאַרקייט קאָנטראָלירט געוואָרן אויף אַ גרויסן

מאַטעריאַל דורך קאַרטאַשעוון און קאָסטראָמינען. (1927).
זיי האָבן, אין אַלגעמיינעם, באַשטעטיקט די רעזולטאַטן פון די פריערדיקע פאָרשער. לויט זייער מיינונג וועלן „די ביאָלאָגישע מעטאָדן אַרויסצורופן אַ צייטווייליקע אומפּראָדוקטיווקייט אַרויסשטויסן ביי דער ווייטערדיקער פאַרפולקומנונג אַלע אַנדערע פאַרהיטונגס-מיטלען, וועלכע זענען טיילווייז נישט-זיכער און טיילווייז פשוט שעדלעך".

דאָס אַלץ באַווייזט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן געפינען ווערן מיטלען, זיך צייטווייליק צו פאַרזיכערן פון שוואַנגערשאַפט אויף אַ פאַרהעלטנישמעסיק אומשעדלעכן און אינגאַנצן נישט-באַמערקבאַרן אופן. נישט געאַכט אויף אַלע פאַרבאָטן, וועלן זיי, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געפינען די ברייטסטע פאַרשפּרייטונג. ווען דאָס וועט געשען, – און אין דער וויסנשאַפט זענען נישטאָ קיין שום ראיות, אַז דאָס זאָל זיין אוממעגלעך, – וועט עטוואָס פאַרלייכטערט ווערן די ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי, און פאַר די רעגירונגען פון אַלע לענדער וועט געשטעלט ווערן אַ שווערע אויפגאַבע, ווי אַזוי צו באַקעמפן די קאַטאַסטראָפאַלע פאַרקלענערונג פון דער צאָל געבורטן אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט...

---

# XIII

דאָס אַלטע איינרעדעניש וועגן דער נישט-גלייכווערטיקייט פון דער פרוי. — נויטווענדיקייט צו ליקווידירן די געזעלשאַפטלעכע עם-הארצות. — נישט-צוגעפּאַסטקייט פון דער היינטצייטיקער געזעלשאַפט צו די ביאָלאָגישע באַזונדערקייטן פון דער פרוי. — די וויסנשאַפט קומט צו הילף דער פרוי. — נייע געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיע. — ווערט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. — נויטווענדיקייט צו רעגולירן די געזעלשאַפטלעכע ענערגיע. — „צוריקיקע כוואַליע" פון געזעלשאַפטלעכקייט. — געזעלשאַפטלעכער אַקט ווי אַ העכסט פאַראַנטוואָרטלעכער פּראָצעס. — ביי דער געזעלשאַפטלעכער אויפפירונג איז נויטיק צו נעמען אין אַכט די ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי.

ווי אַ ירושה פון פאַרשאָלטענעם עבר איז ביז איצט פאַרבליבן אַ באַציִונג צו דער פרוי ווי צו אַ מענטש פון, אַזוי-צו-זאָגן, צווייטן ראַנג. אויב איר וועט זיך אויפמערקזאַם צוקוקן צום אַרומיקן לעבן, וועט איר מיט פאַרוווּנדערונג באַמערקן, אַז דאָס איינרעדעניש וועגן דער נישט-גלייכווערטיקייט פון פרויען זיצט נאָך זייער טיף אין די קעפּ פון אָפּגעשטאַנענע און גייסטיק נישט-אַנטוויקלטע מענטשן, און איז זייער פאַרשפּרייט אַפילו צווישן די פאָדערשטע רייען פון דער נייער סאָוויעטישער אינטעליגענץ. מען באַציט זיך צו דער פרוי פון אויבן-אויף, איראָניש, גראָב און מיט פאַראַכטונג, און אַזאַ באַציִונג האָט זיך אַזוי פעסט איינגעוואָרצלט און אַזוי ברייט פאַרשפּרייט, אַז אָפט באַמערקן

מיר זי פשוט נישט. ערגער פאַר אַלץ איז, וואָס די פּרויען גופא זענען דערצו געוווינט געוואָרן, און דאָס פעלן פון אַזאַ באַציִונג בנוגע צו זיי זענען זיי גענויגט אויסצוטייטשן ווי עפּעס אַזוינס, וואָס פּאַסט נישט פאַרן מאַנסביל, ווי אַ באַווייז פון מאַנגלעכער שוואַכקייט.

הייבט־אָן רעדן אויף דער טעמע מיט אַ געלערנטן, אַ ליטעראַט, אַן אַרבעטער־סטודענט, אַ נעפּמאַן אָדער אַ הונדערט־פּראָצענטיקן אַרבעטער און סוף־כּל־סוף וועט איר אומבאַדינגט כאַפּן יענעם, אַז ער באַציט זיך צו דער פרוי נישט ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן.

פּרווט דורכקוקן פון דעם שטאַנדפּונקט די היינטצייטיקע בעלעטריסטיק און איר וועט אומבאַדינגט געפינען אַפילו ביי די סאַמע פּראָגרעסיווע שרייבער ערטער, וווּ עס איז אפשר נישט־ווילנדיק קענטיק זייער באַציִונג צו דער פרוי ווי צו אַ נישט־גלייכווערטיק באַשעפעניש.

איינע פון די וויכטיקסטע סיבות דערפון איז די טיפע עם־הארצות אין געשלעכטלעכע פראַגן, וועלכע דרינגט־דורך אַלע שיכטן פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכה. אַפילו מענטשן, וואָס שטייען ביי די אור־קוואַלן פון וויסן, האָבן אָפּט קיין שום אַנונג נישט וועגן די פראַגן פון סעקסאָלאָגיע (לערע וועגן געשלעכט). אַפילו אין לערנביכער און האַנטביכער פון פיזיאָלאָגיע פלעגט מען ביז צו דער סאַמע לעצטער צייט אויסטיילן בלויז עטלעכע זייטלעך פאַר פראַגן פון פאַרמערונגס־פּראָצעס.

ביי היינט־צו־טאָג האָט זיך די לאַגע עטוואָס געביטן, ווייל אין אַלע לענדער איז שטאַרק געוואָקסן דער אינטערעס פאַר סעקסאָלאָגיע. עס דערשיינט אַ ריי אויסלענדישע צייטשריפטן, געווידמעט דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג פון די געשלעכטס־פּראָבלעמען, עס זענען פאַראַן גרויסע האַנטביכער ספּעציעל פאַר סעקסאָלאָגיע, און נישט־לאַנג איז אַפילו צונויפגערופן געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענפאָר וועגן דער געשלעכטלעכער פראַגע. די געשלעכטלעכע עם־הארצות ווערט ליקווידירט אין וועלט־מאַסשטאַב.

די באַקאַנטשאַפט מיטן ביאָלאָגישן אמת וועגן דער פרוי איז דאָס בעסטע מיטל, כּדי צו דערציען אין זיך דעם גייסט פון אַן אמת־הברישער און אויפריכטיק־מענטשלעכער באַציִונג צו די טרעגערינס פון ווייבלעכע גאַמעטן. מען מוז טאַקע באַקומען אַ נייע דערציִונג, כּדי די איבערצייגונג וועגן דער גלייכוועדטיקייט פון פרויען זאָל אַריינדרינגען אין פלייש און בלוט, און כּדי די אייגענע אויפפירונג זאָל זיך שטיצן תּמיד אויף דעם גרונט־געדאַנק, אַז די פרוי איז גלייכוועדטיק מיטן מאַנסביל, זיי זענען בלויז פאַרשידן באַלאָדן מיט ביאָלאָגישע פליכטן.

פּאָטענציעל קאָן די פרוי פונקט ווי דער מאַנסביל זיין טעטיק אויף אַלע געביטן פון לעבן, און אויב זי שטייט פון אים אַמאָל אָפּ אין דערווירקלעכקייט, איז עס בלויז דערפאַר, וואָס די סאָציאַלע סביבה איז, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, נישט צוגעפּאַסט צו אירע ביאָלאָגישע באַזונדערקייטן.

די אומפולקומקייט פון דער סאָציאַלער סביבה רופט זיך מערער אָפּ אויף דער פרוי ווי אויפן מאַנסביל, און בלויז מחמת דעם איז איר צושטייער פאַרן לעבן דערווייל קלענער וויביים מאַנסביל. אויב די אויסנווייניקסטע באַדינגונגען זענען צופעליק מער־ווייניקער גינסטיק פאַר דער פרוי, אַנטפּלעקט זיך באַלד איר גלייכוועדטיקייט.

עס טרעפט טאַקע אָפט, אַז די פרוי שטייט לחלוטין נישט אָפּ פון מאַנסביל און שטייגט אים אַפילו אַריבער. אין די מייסטע פאַלן לאָזט אָבער נישט די סאָציאַלע סביבה, אַז דידאָזיקע גלייכוועדטיקייט זאָל זיך אַרויסווייזן, און פאַר דער פרוי איז געצוג צו פאַרשוואַנגערן, כּדי אַלע אירע געזעלשאַפטלעכע און וויסנשאַפטלעכע אויפטוען, אָפט אַזוי בולטע און אינטערעסאַנטע, זאָלן ווערן צו נישט.

נישט די פרוי דאַרף גיין אויף עפּעס אַ באַזונדערן וועג, נאָר פאַרקערט, די געזעלשאַפט דאַרף זיך אַזוי אַנטוויקלען, אַז די ביאָלאָגישע באַלאַסטונג זאָל נישט שטערן דער פרוי צו גיין פאָרויס מיטן זעלביקן טעמפּ ווי דער מאַנסביל.

וואָס פולקומער ס'איז די סאָציאַלע אָרדנונג, וואָס קולטורעלער

עס איז די געזעלשאַפט, אַלץ אַ קלענערע ראָליע שפּילן די עלעמענטאַרע ביאָלאָגישע אייגנשאַפטן פון יעדער איינצלנעם מיטגליד פון דער געזעלשאַפט.

אין דער פּרימיטיווער אור-געזעלשאַפט איז נישט געווען קיין אָרט פאַר שוואַכע, קראַנקע און אַלטע יחידים. ס'איז גענוג געווען, אַז אַ מענטש זאָל געבוירן ווערן אַ קורצזיכטיקער אָדער אַ קליינוווּקסיקער, אָדער זיין ברוסט זאָל זיין צו שוואַך, און ער האָט שוין נישט געקאָנט געפונען פאַר זיך קיין אָרט אין לעבן און נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויסצונוצן זיינע פעיקייטן, ווי גרויס זיי זאָלן נישט זיין.

די געזעלשאַפט איז נאָך געווען אַזוי נישט-פולקום, אַז דער יחיד, וואָס איז געווען באַלאַסטעט מיט דעם עלעמענטאַרסטן ביאָלאָגישן אונטערשיד לגבי דער מערהייט פלעגט זיין פאַרמשפט, אויב נישט צום טויט, איז יעדנפאַלס צו אַ צווייט-ראַנגיק אָרט אין לעבן.

מיטן פּראָגרעס פון געזעלשאַפטלעכן לעבן ווערט אַלץ קלענער און קלענער די באַדייטונג פון די עלעמענטאַרע ביאָלאָגישע אייגנשאַפטן. עס פאַלט קיינעם מער נישט איין אין קאָפּ אומצוברענגען קינדער קליינוווּקסיקע אָדער מיט אַ שוואַכער ברוסט. זיי געפינען פאַר זיך פונקט אַזאַ אָרט אין לעבן ווי זייערע שטאַרקע חברים מיט אַנטוויקלטע מוסקלען. די סאָציאַלע באַדינגונגען זענען איצט אַזוי צוגעפּאַסט צו אַזעלכע ביאָלאָגישע באַזונדערקייטן, אַז מענטשן מיט דידאָזיקע באַזונדערקייטן האָבן אַ פולע מעגלעכקייט אַרויסצווייזן זייער גלייכווערטיקייט און פילן נישט קיין שום אומבאַקוועמלעכקייטן אָדער באַגרענעצונגען.

בנוגע די געשלעכטלעכע באַזונדערקייטן פון מענטש ווייזט די געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג ביזאיצט אַרויס איינזייטיקייט און אַן אָפּנויג, דער עיקר לטובת דעם מאַנסביל. די סופּראַזשיסטינס זענען בלי שום ספק גערעכט, ווען זיי רוקן אַזוי שאַרף אַרויס דווקא אָט דעם מאָמענט, הגם אין אַלגעמיינעם איז עס אַ ריין בורזשואַזע און לעכערלעכע באַוועגונג, וועלכע פאַרדינט נישט, מען זאָל וועגן איר ערנסט רעדן. מען מוז אָנערקענען, אַז די פרוי איז נישט אָפּגעשטאַנען פון מאַנסביל. צוליב אַ ריי אָביעקטיווע

באַדינגונגען האָט זיך אָבער די געזעלשאַפט אַנטוויקלט אַזוי פאַרקריפּלט, אַז ביזאיצט באַגרענעצן די ווייבלעכע געשלעכטלעכע סימנים דעם מענטש אין זיינע רעכט און פליכטן און פאַרמשפּטן אים אויף אַ צווייט-ראַנגיק אָרט אין לעבן. נישט די פרוי דאַרף זוכן נייע וועגן, נאָר לויט אַ נייעם וועג מוז גיין די סאָציאַלע געזעצגעבונג, דער בוי פון גאַנצן לעבן, און דעמאָלט וועט די „ביאָלאָגישע טראַגעדיע" פון דער פרוי פאַרלירן אַ גרויסן טייל פון איר שאַרפקייט.

די וועגן צו אַזאַ איבערבוי פון דער געזעלשאַפט זענען אָנגעמערקט אין ראַטן-פאַרבאַנד. שוץ פון פרויען-אַרבעט, געזעצלעכע אורלויבן, שוץ פון מוטער און נייגעבוירענעם קינד, דאָס רעכט אויף אַלימענטן, די אָרגאַניזירונג פון היימען פאַר זויג-קינדער און קינדער-היימען און נאָך אַ סך אַנדערע דערגרייכונגען פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, — דאָס זענען די ערשטע שריט אויפן וועג צו רעאַלער פאַרווירקלעכונג פון דער ווייבלעכער גלייכווערטיקייט.

דערווייל זענען עס בלויז די ערשטע טריט, און זייער נוצן איז שוין קענטיק. שווער איז געווען דער ערשטער טריט, ווייטער וועט עס שוין גיין לייכטער און גיכער.

גלייכצייטיק פירט-אויס אויך די וויסנשאַפט אין די לאַבאָראַטאָריעס און קליניקעס דאָס סאָציאַלע געבאָט, וועלכעס ס'דיקטירט איר די איצטיקע לאַגע פון דער פרוי. מיר האָבן געזען, אַז עס זענען אָנגעמערקט די וועגן, אויף צו געפינען זיכערע און נישט-געפערלעכע אופנים צו מאַכן די פרוי צייטווייליק אומפּרוכטבאַר. אַ דאַנק זיי וועט די פרוי באַקומען אַ מעגלעכקייט צו קינדלען אָדער נישט צו קינדלען לויט איר אייגענעם ווילן, און דער „גאָט פון מין" וועט שוין נישט טריומפירן מיט זיין נצחון איבער דער פרוי. פון דער אַנדערער זייט דערנענטערט זיך די וויסנשאַפט אַלץ מער צום צווייטן ציל איר: זי שטרעבט צו באַזייטיקן די ווייטיקן בעת דער קימפּעט און סוף-כל-סוף וועט זי זיכער געפינען אַ מיטל ווי ווייט מעגלעך צו פאַרלייכטערן און אָפּצושוואַכן דידאָזיקע ביאָלאָגישע קאַטאַסטראָפע, לכל-הפחות אין קלינישע באַדינגונגען.

איינצייטיק דאַרף מען זיך אַליין דערציען פונדאָסניי, אויסאַרבעטן ביי זיך אַכטונג צו דער פרוי און זיך באַציען צו איר ווי צו אַן אמתן חבר און גלייכבאַרעכטיקטן, פולקום גלייכ־ווערטיקן מיטגליד פון דער פראָלעטאַרישער מלוכה. אַלע זענען דערמיט מסכּים, וויינ‏יק־ווער איז אָבער אין דער ווירקלעכקייט אַזוי דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דידאָזיקע געדאַנקען, אַז ער זאָל איינפירן אַזאַ באַציִונג צו דער פרוי אין אַלטעגלעכן לעבן.

אויך איז אומבאַדינגט נויטיק אויסצואַרבעטן אַ נייע „געשלעכטלעכע אידעאָלאָגיע”.

די אַלטע געשלעכטלעכע מאָראַל אָדער, גענויער, די אַלטע כּללים פון געשלעכטלעכער אויפפירונג האָבן איצט קיין שום ווערט נישט. זיי שטיצן זיך אויף פאַרעלטערטע פרינציפּן אָדער, ריכטיקער, אויף אַ סכום פרינציפּן, וואָס האָבן שוין פאַרלוירן יעדע באַדייטונג פאַר אונזער צייט.

פאַר דער אַלטער געשלעכטלעכער מאָראַל איז כאַראַק־טעריסטיש די באַציִונג צום געשלעכטלעכן לעבן ווי צו עפּעס אַזוינס, וואָס ווערט בלויז געדולדעט, ווי צו אַ יצר־הרע, וועלכן מען דאַרף באַקעמפן. אַזאַ באַציִונג איז געווען נישט בנמצא ביי די געצנדינער און זי האָט זיך באַוויזן ערשט אין דער „אומעטיקער” צייט, ווען ס'האָט טריִומפירט די קריסטלעכע קולטור. אַזאַ באַ־ציִונג צו די דערשיינונגען פון געשלעכטלעכן לעבן מוזן מיר אָפּוואַרפן, אויב מיר שטיצן אונזערע אָנשויונגען אויף פאַקטן פון די גענויע וויסנשאַפטן. עס וועט זיין ריכטיקער, אויב מיר וועלן זיך אומקערן צו די אַלטע געצנדינערישע אָנשויונגען, אַז דאָס געשלעכטלעכע לעבן איז פאַרן מענטש קודם־כּל אַ קוואַל פון די גרעסטע פריידן, וועלכע קאָנען נישט פאַרביטן ווערן דורך קיין שום אַנדערער זאַך. דאָס איז דער גרעסטער, אומפאַרגלייכלעכער פיזיאָלאָגישער אוצר, וועלכן מען דאַרף היטן מיט אַלע מעגלעכקייטן און נישט פאַר־פאַלגן. דאָס געשלעכטלעכע לעבן שפּייזט און באַגייסטערט די מענטשלעכע שאַפונג, אַ דאַנק אים איז אַלץ אין לעבן העל, זוניק און פרעכטיק. אָן אים איז דאָס מענטשלעכע לעבן נודנע און

איינטאָניק ווי אַ שטויביקער דאָרפס-וועג אָדער אַ גרויס, נישט-אינטערעסאַנט בוך.

דאָס געשלעכטלעכע לעבן איז חוץ דעם הערכסט נאַטירלעך. דאָס אָפּזאָגן זיך פון אים איז, אייגנטלעך, אַ סתּירה צו דער נאַטור פון מענטש און איז פיינטלעך צום לעבן בכלל. אַזאַ אָפּזאָג איז דערלאָזבאַר און נויטווענדיק בלויז ווי אַ צייט-ווייליק מיטל אין אויסנאַמס-פאַלן, ביי באַזונדערע קאָנקרעטע באַדינגונגען.

דאָס נישט-חתונה-האָבן איז נישט קיין העכערע מדרגה, נאָר אַ נידעריקערע מדרגה לגבי חתונה-האָבן, און צניעות איז נישט קיין מעלה, נאָר גיכער אַ פּאַסיווער, נישט-טעטיקער צושטאַנד, אַן אָפּזאָג פון לעבן, אַ געצוווּנגענע און אָפּט לחלוטין נישט נויטיקע טאָרמאָזירונג. שיין איז נישט די פּאַסיווקייט, נישט דער אַוועקגאַנג פון לעבן, נאָר דווקא דאָס טעטיקע לעבן. ווערטפול איז גראָד דאָס, וואָס איז טעטיק און שטרעבט צו אַ ציל, און נישט דאָס וואָס בלייבט אומבאַוועגלעך און וואַרט אויף אַ פּאַר-ווירקלעכונג. אַלץ וואָס איז טעטיק, אָדער אַלץ, וואָס ברענגט אַזוי אָדער אַנדערש צו אַ ציל, — איז פּרעכטיק. אַלץ, וואָס איז פיינטלעך דעם טעטיקן לעבן, אַלץ, וואָס ברענגט אים ווי-נישט-איז שאָדן, — איז נישט נויטיק, ס׳איז גרוי און נישטיק, ס׳איז גאָרנישט ווערט.

מען טאָר נישט פאַרמאַכן די אויגן, אַז די סאַמע בולטע און שטאַרקע איבערלעבונגען פון מענטש זענען פאַרבונדן מיטן געשלעכטלעכן לעבן, און אַז „אויסערן געשלעכט איז נישטאָ אויך קיין מענטש". אין זיין געשלעכטלעכער אויפפירונג דאַרף דער מענטש זיך שטיצן קודם-כּל אויפן פּרינציפּ, אַז דאָס געשלעכטלעכע לעבן איז נישט קיין אָנשיקעניש, וועלכעס ס׳איז שווער בייצוקומען, נאָר אַן אוצר, אָן וועלכן דאָס לעבן איז גאָרנישט ווערט. דעם געשלעכטלעכן עלעמענט פון מענטש מוז מען שעצן און היטן, און נישט אונטער-דריקן אים מיט אַלע כּוחות און באַקעמפן. אָבער פון דאַנען, פון אָנערקענען דעם גרויסן ווערט פון די געשלעכטלעכע דער-

שיינונגען, איז נאָך אַ גרויסער מהלך ביז צו געשלעכטלעכער אַנאַרכיע.

פאַרקערט, ערשט פאַרשטייענדיק די ריזיקע באַדייטונג פון דער „געשלעכטלעכער טרייבט-קראַפט” פאַר דער מענטשלעכער נאַטור וועלן מיר מוזן אומבאַדינגט אָנערקענען די נויטיקייט פון אויסערסטער פאָרזיכטיקייט אין דער געשלעכטלעכער אויפפירונג. גראָד אויף דעם געביט זענען איינגרעדענישן אין ברייטסטן זין פון וואָרט אויסערגעוויינלעך שטאַרק ביז צום היינטיקן טאָג, און די פאַרשאָלטענע פאַרגאַנגענהייט האָט דאָ נאָך אַ ריזיקע שליטה איבערן מענטש. אויסוואָרצלען די איינרעדענישן און זאַבאָבאָנעס אויף דעם געביט איז באַזונדערס שווער, פשוט דערפאַר, וואָס זייער צאָל איז געוואַלטיק גרויס. גראָד אויף דעם געביט האָט דאָס „אַלטע” אַ סך דינע נאָר בויגעוודיקע און איינגעפונדעוועטע וואָרצלען, דאָס „אַלטע” זיצט נאָך פעסט, און אָפט קריכט עס אַפילו חוצפּהדיק אַרויס פאַרגרימירט פאַרן סאַמע „נייעם”.

פאַר קיינעם איז קיין סוד נישט, אַז בנוגע דער געשלעכטלעכער אויפפירונג איז אין רוסלאַנד ווייט נישט אַלץ אין אָרדענונג. דאָס גילט נישט בלויז פאַר דער יוגנט, ווען ס'איז שווערער צוליב ריין פיזיאָלאָגישע סיבות איינצוהאַלטן דורך וואָסער-נישט-איז סאָציאַלע טאָרמאָזן; דאָס האָט אַ שייכות אויך צום עלטערן דור, און אַפילו צו מענטשן ווייט נישט פון קיין בורזשואַזער אָפּשטאַמונג. מען מוז זאָגן קלאָר און דייטלעך, אַז געוויסע סימפּטאָמען פון אַ געשלעכטלעכער אַנאַרכיע קאָן מען געפינען אין אַלע אַרבעטנדיקע שיכטן. דאָס איז אַן ערנסטע סכנה פאַר דער סאָציאַליסטישער אויפבוי-אַרבעט, און מען מוז דאָס באַקעמפן מיט אַלע כוחות און מיט אַלע מיטלען, ווייל דער קאַמף אויף דעם פראָנט איז זייער שווער.

איך וואָלט געקאָנט ברענגען הונדערטער און טויזנטער ביישפּילן, וואָס וואָלטן באַוויזן, אַז אַ געשלעכטלעכע צעלאָזנקייט איז פאַראַן נישט בלויז אין די ווייניק באַוווסטזיניקע, נאָר אויך אין די סאַמע רייפע און אינטעליגענטע שיכטן פון דער

אַרבעטנדיקער באַפּעלקערונג. סיבות דערפון איז פאַראַן אַ סך, און נישט דאָ איז דאָס אָרט זיי פונאַנדערצוקלייבן. איינע פון זיי איז זיכער — דאָס פעלן פון אַ קלאָרער, בולטער און געזונטער אידעאָלאָגיע אויפן געביט פון דער געשלעכטלעכער פראַגע. יאָ, דווקא אידעאָלאָגיע, איך זאָג דאָס און האָב אינגאַנצן נישט קיין מורא, מען זאָל מיך דערפאַר אָנרופן אידעאַליסט אָדער אַפילו נאָך מיט אַ ווי-נישט-איז ערגערן נאָמען. איך וויל דערמיט כלל נישט זאָגן, אַז אידייען רעגירן איבערן מענטש. זיין אויפפירונג ווערט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַרויסגערופן און געקירעוועט דורך אָביעקטיווע קרעפטן. די באַציִונגען צווישן די געשלעכטער זענען איצט געוואָרן אַנדערע, ווייל עס האָבן זיך געביטן די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. כדי אָבער דידאָזיקע געענדערטע אָביעקטיווע קרעפטן זאָלן זיך קאָנען אַרויסווייזן אין דער אויפפירונג פון מענטשן, מוזן זיי דורכגיין דורכן מענטשלעכן נערוון-סיסטעם, זיי מוזן דורך די מענטשן באַנומען ווערן אין דער פאָרם פון אַ באַזונדערער אידעאָלאָגיע.

יעדע עפּאָכע האָט איר „געשלעכטלעכע אידעאָלאָגיע". זי ווערט בהדרגה אויפגעבויט דורכן לעבן גופא, און ווערט אומברחמנותדיק דיקטירט דורך דעם סכום פון אַלע פּראָדוקציע-פאַרהעלטנישן.

מען טאָר זיך נישט פאַרענטפערן, אַז איצט זענען נישטאָ קיין שום כללים פון געשלעכטלעכער אויפפירונג חוץ דער נישטיקער בורזשואַזער מאָראַל. דאָס איז שקר! סכעמאַטיש און אין אַלגעמיינע קאָנטורן קאָן מען שוין איצט אָנמערקן אַ געשלעכטלעכע אידעאָלאָגיע, וועלכע שטיצט זיך נישט אויף קיין הימל-ווייטע פּרינציפּן, נאָר אויף דעם, וואָס איז ווירקלעך פאַראַן, — אויף דערקענען די פּראָצעסן פון געשלעכטלעכן לעבן. דעם יסוד און דעם עיקר בילדעט אין איר די ביאָלאָגיע פון געשלעכט, דאָס איבריקע דערגאַנצט דעמדאָזיקן סקעלעט. דאָס, וואָס דער לעזער האָט זיך דערוווסט אויף די פריערדיקע זייטלעך פון מיין ביכל, איז אַ טייל פון דעם רויעם מאַטעריאַל, וועלכער צייכנט-אָן אַ געוויסע באַשטימטע ליניע אין דער

געשלעכטלעכער אויפפירונג. פון אָט דעם רוי-מאַטעריאַל דרינגט קלאָר און דייטלעך, אַז די געשלעכטלעכקייט איז אַ ריזיקע פיזיאָלאָגישע קראַפט, וועלכע פאָדערט, מען זאָל זיך צו איר באַציען פונקט אַזוי פאָרזיכטיק, ווי למשל, צו אַן עלעקטרישן שטראָם פון הויכער שפּאַנונג. לויט איר מאַכט און לויט איר באַדייטונג פאַרן מענטש איז דאָס אַ שרעקלעכע קראַפט. זי איז אָבער לחלוטין נישט קיין פיינטלעכע קראַפט, נאָר פאַרקערט, אַ פריידיקע, אויפבויענדיקע, געזעלשאַפטלעכע קראַפט, וועלכע פאַרוואַנדלט דעם מענטש אין דעם, וואָס ער איז, ד. ה., אין אַ שטאָלצן שעפער פון פּראָדוציר-מיטלען, וואָס האָט אומבאַגרענעצט פאַרברייטערט זיין מאַכט איבער דער נאַטור. צי דאַרף דידאָזיקע קראַפט אינגאַנצן אויסגענוצט ווערן פאַר פאַרמערונג, פאַר דערנענטערונג פון די געשלעכטער? ניין, בלי שום ספק ניין! אויב די גאַנצע ענערגיע וואָלט אַוועק בלויז אין איין ריכטונג, וואָלטן אויס-געטריקנט געוואָרן די אַלע טייכלעך, וועלכע באַלעבן פאַרשידענע אַנדערע זייטן פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. דאָס וואָלט באַדייט אַ פאַרוויסטונג פון מענטש, ס'וואָלט אים דערנידריקט ביז צו דער ראָלע פון אַ באַהעפטונגס-מאַשין, ווי דאָס איז דער פאַל מיט אַן אָגער אָדער אַ „ראַסאָוון בוהיי" אין דער לאַנדווירטשאַפט. כדי צו פאַרבלייבן מענטש מיטן גאַנצן כלי-זיין פון זיינע פיזיאָלאָגישע מעגלעכקייטן, טאָר ער נישט לאָזן אויסטריקענען די טייכלעך, וואָס באַלעבן און שפייזן מיט ענערגיע אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער פיזיאָלאָגישער עקזיסטענץ. ביים עפענען די שליוזן טאָר ער נישט פאַרגעסן אָן דידאָזיקע טייכלעך, וואָרום זייער אויסטריקענונג קאָן אים שיער נישט ברענגען צום אונטערגאַנג. ס'איז אומבאַדינגט נויטיק צו רעגולירן דידאָזיקע קראַפט, אַנישט וועט זי די גאַנצע אויסגיין אין איין ריכטונג, און דעמאָלט וועט דער מענטש אויפהערן צו זיין אַ מענטש — ער וועט ווערן אַן אינוואַליד. נישט קיין קליינבירגערלעכע איינ-רעדעניש, נישט קיין גלחישע נאַרישקייטן, נאָר דווקא דאָס באַנעמען די וויכטיקייט פון געשלעכטלעכן עלעמענט דיקטירט הערשעריש די נויטווענדיקייט אים צו רעגולירן. אַן אַנדערע

פראַגע איז, ווי אַזוי און ביז וואָס פאַר אַ גראַד דורכצופירן דידאָזיקע רעגולירונג, וועגן דעם וועלן מיר נאָך רעדן שפעטער. דאָ איז דערווייל וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז די נויטווענדיקייט פון אַזאַ רעגולירונג שטיצט זיך אויף דער נאַטור גופא פון דער געשלעכטלעכקייט, וועלכע איז גראָד ביים מענטש באַזונדערס הויך דיפערענצירט און באַזונדערס פילזייטיק, נישט צו פאַר־גלייכן מיט די פירפיסיקע ברידער פון מענטש.

ס׳איז אומבאַדינגט נויטיק צו ריכטן בלויז אַ טייל, און נישט די גאַנצע געשלעכטלעכע ענערגיע לויט איר דירעקטער באַשטימונג, אַנישט וואָלט דער מענטש געוואָרן ביאָלאָגיש ביז גאָר באַגרענעצט, און סוף־כל־סוף וואָלט דאָס געבראַכט שאָדן דעם יחיד גופא. אַן עקסטרעמע און לאַנג־דויערנדיקע געשלעכטלעכע פאַסיווקייט, ד. ה., מיט אַנדערע ווערטער, אַ לאַנג אָפּהאַלטן זיך פון געשלעכט־לעכן לעבן איז צומייסט שעדלעך פאַרן יחיד און איז אַ נישט־געוווּנטשענער אָפּנויג פון דער פיזיאָלאָגישער נאָרמע. יעדנפאַלס אָבער איז אַזאַ איינגעהאַלטנקייט אַלץ בעסער פאַר איר היפּך, ד. ה., פאַר אַ צו־שטאַרקער געשלעכטלעכער אַקטיווקייט. די געשלעכטלעכע פונקציע פאַרכאַפּט אַזוי שטאַרק דעם מענטש, זי פאָדערט פון אים אַזוי פיל, אַז יעדע איבערטרייבונג אויף דעם געביט איז אַלעמאָל שעדלעך פאַר די אַנדערע פונקציעס פון קערפּער, און מען באַצאָלט פאַר איר אַ טייערן פרייז — מען פאַרלירט דאָס פיזיאָלאָגישע גלייכגעוויכט. לגבי דער געשלעכטלעכער פונקציע ווייזן אַלע אַנדערע פונקציעס פון קערפּער אַרויס אַ פולקומען אַלטרויִזם און אַ גרויסע נאָכגיביקייט. מען קאָן זאָגן, אַז אין אָרגאַניזם גופא פון מענטש זענען נישטאָ קיין שום נאַטירלעכע שטערונגען, אַז ער זאָל דער גאַנצער זיך ווידמען דער פאַרמערונג און אויסגעבן דערויף אַלע זיינע כוחות. אויף דעם וועג וואָלט אין אַ קורצער צייט געקאָנט אויסרינען אָן אַ רעשט די גאַנצע ענערגיע, וואָס איז אָנגעזאַמלט אין קערפּער, פונקט ווי פון אַן איבערגעשניטענער גרויסער אַרטעריע קאָן אויסרינען דאָס גאַנצע בלוט, וואָס געפינט זיך אין קערפּער. אויב ס׳איז נישטאָ קיין באַוווסטזיניקע אַריינמישונג, קאָן דער מענטש אינגאַנצן פאַרנוצט ווערן אויף דערנענטערן זיך צום אַנדערן

געשלעכט, פונקט ווי ער קאָן אויסגיין מיט בלוט ביי אַ געוויס גרויסער וואונד.

די געשלעכטלעכע ענערגיע קאָן זיך אָבער אויסלאָדן לאַוו-דווקא לויט דער ליניע פון דערנענטערן זיך צום צווייטן מין, די אויסלאָדונג קאָן פּאָרקומען אויך אין אַן אַנדערער ריכטונג. איינגעהאַלטן ווי דורך אַ פאַרצוימונג, וואַרפט זיך די ענערגיע ברויזנד און שוימיק אין אַן אַנדערער ריכטונג און זוכט פאַר זיך אַן אַנדערן אויסוועג. זי לאָדט זיך אויס אין קונסט-שאַפונגען, דערפינדונגען, וויסנשאַפטלעכע אויפטוען און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אַלץ, וואָס איז פאַראַן ווערטפולס ביים מענטש, אַלץ, וואָס דערהויבט אים הויך איבער די בעלי-חיים, ווערט געשפּייזט דורך דעמזעלביקן קוואַל, וואָס צווינגט דעם מענטש צו פילן דעם גרעסטן פיזיאָלאָגישן תענוג אין די אָרעמס פון אַנדערן מין. אין אייניקע פאַלן לאָדט זיך די געשלעכטלעכע ענערגיע אויס לויט אַן אַנדערער ליניע, למשל, אין דער רעליגיעזער ריכטונג, דאָס איז אָבער אַ פּאַטאָלאָגישער אָפּנויג, און מיר האָבן אין זינען די נאָרמע. לויט דער נאָרמע ווערט דידאָזיקע „צוריקיקע געשלעכטלעכקייט”, ד. ה., די געשלעכטלעכקייט, וואָס איז נישט אויסגענוצט געוואָרן לויט איר דירעקטער באַשטימונג, גראָד דער קוואַל, וואָס באַלעבט די שענסטע זייטן פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, גיט דעם מענטש אַן אייגנאַרטיק פּנים, פאַרשאַרפט זיין אינדיווידועלקייט און טאַלענטירטקייט און פאַרשטאַרקט זיינע „מענטשלעכע” שטריכן.

מען קאָן זאָגן נאָך מערער: די גאַנצע פיזיאָלאָגישע ווירטשאַפט פון מענטשלעכן קערפּער איז אויסגעשטעלט אויף דערדאָזיקער „צוריקיקער כוואַליע” פון געשלעכטלעכער אויפרייצונג. אויב זי פעלט, ווערט קאַליע דאָס סיסטעם פון די ענדאָקרינע אָרגאַנען, וואָס פאַרוואַלטן מיטן קערפּער, און ס׳ווערט אָפּגעשוואַכט די טעטיקייט פון נערוון-סיסטעם. דער נערוון- און דריזן-מעכאַניזם פון קערפּער ווערט פאַרגליווערט און פאַסיוו, אויב די דערמאָנטע „צוריקיקע כוואַליע” פון געשלעכטלעכקייט הערט-אויף אים אויפצומונטערן. אַזוי ווערט דערקלערט דער פאַקט פון אַ געוויסער פיזיאָלאָגישער ענלעכקייט צווישן צוויי עקסטרעמען און אפילו

קעגנזאַצן, דהיינו, צווישן אַ קאַסטראַט און אַ מענטש, וואָס מיס־ברויכט מיטן געשלעכטלעכן לעבן. סײַ פאַרן ערשטן, סײַ פאַרן צווייטן איז כאַראַקטעריסטיש אַן אָפּשוואַכונג פון אַלגעמיינעם לעבנס־טאָנוס, אַ גייסטיקע אָפּגעלאָזנקייט, אַפּאַטיע, גלייכגילטיקייט און עגאָיזם.

אַ ריי סיבות ריין ביאָלאָגישע פאָדערן בכן אַ געוויסע רעגולירונג פון דער געשלעכטלעכער ענערגיע, וואָס קלייבט זיך אָן אין קערפּער. לשם פיזיאָלאָגישן ווילשטאַנד פון קערפּער מוז מען אומבאַדינגט אויפ־האַלטן דעם „אינעווייניקסטן געשלעכטלעכן דרוק״ אויף אַ געוויסער הייך: דער דרוק טאָר זיך נישט אויפהייבן אַזוי, אַז ער זאָל דראָען מיט אַן אויפרייס, עס טויג אָבער אויך נישט, ער זאָל פאַלן צו שטאַרק, ווייל דאָס רופט זיך גלייך אָפּ, ווי אויף אַ שפּירעוודיקן מאַנאָמעטער, אויפן אַלגעמיינעם צושטאַנד פון קערפּער.

דיזעלביקע פאָדערונגען שטעלט דעם מענטש אויך די געזעלשאַפט, צו וועלכער ער געהערט. דער מענטש איז בלויז אַ טייל פון אַ קאָלעקטיוו, און אויסער אים קאָן ער נישט עקזיסטירן, פּונקט ווי אַ פיש קאָן נישט לעבן אָן וואַסער און אַ געוויקס — אָן ערד. ווי נאָר אַ מענטש איזאָלירט זיך צוליב וואָסער־נישט־איז סיבה פון דער געזעלשאַפט, דעגראַדירט ער גלייך, ער פאַרלירט זיין „מענטשלעכקייט״ און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ הילפלאָז באַשעפעניש. פאַרן מענטשלעכן קאָלעקטיוו איז ווייט נישט אַלצאיינס, מיט וואָס עס פאַרנעמט זיך יעדער פון זיינע מיטגלידער. דער ווילשטאַנד און די אומבאַרירלעכקייט פון קאָלעקטיוו זענען אינגאַנצן אָפּהענגיק דערפון, וויפל געזעלשאַפטלעך־נוצלעכע אַרבעט יעדערער פון זיינע מיטגלידער טראָגט־אַריין אין אַלגעמיינעם אוצר, און וואָס פאַר אַ כאַראַקטער ס'האָט די־דאָזיקע אַרבעט. מען קאָן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ענטפערן, אַז פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט איז זייער און זייער נוצלעך אויך דאָס שאַפן „פאַרטרעטער״ פאַר אונז, דאָס געבוירן די „בלומען פון לעבן״. ס'איז אָבער קלאָר, אַז אויב דער געזעלשאַפטלעכער

קאָלעקטיוו וואָלט זיין גאַנצע ענערגיע געריכטעט בלויז אין אָט דער זייט אַליין, וואָלט דערפון קיין גוטס נישט אַרויס. אויך דאָ איז נויטיק עפּעס אַ רעגולירונג, אָן וועלכער דער קאָלעקטיוו וואָלט געמוזט אונטערגיין. ס'איז אומבאַדינגט נויטיק, אַז די ענערגיע, וואָס ברויזט און שטורעמט אין קאָלעקטיוו, זאָל נישט אַרויספליסן די גאַנצע אין איין שטראָם, נאָר זי זאָל צעטיילט ווערן אויף אַ ריי טייכן, וואָס צווינגען צו לעבן און צו אַרבעטן פאַרשידענע אַנדערע טיילן פון געזעלשאַפטלעכן מעכאַניזם. נישט בלויז פון ביאָלאָגישן, נאָר אויך פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט איז דער מענטש מחויב צו רעגולירן זיין געשלעכטלעך לעבן, און די געזעלשאַפט מוז דאָס פון אים פאָדערן.

דידאָזיקע רעגולירונג טאָר מען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט אויסטייטשן אין דעם זין, אַז מען מוז לעבן לויטן לוח און לויטן זייגער. דאָס וואָלט געווען לעכערלעך און נאַריש, און לחלוטין נישט דאָס האָב איך געהאַט אין זינען. די רעגולירונג פון געשלעכטלעכן לעבן וועט פאַרווירקלעכט ווערן פון זיך אַליין, אויב מען זאָל זיך בלויז באַציען צו דעם געביט ערנסט און באַדאַכט.

די סעקסאָלאָגיע, ד. ה., די לערע וועגן געשלעכט באַווייזט קלאָר, אַז אין דער ווירקלעכקייט זענען פאַר דער רעגולירונג פון געשלעכטלעכן לעבן נישט נויטיק קיין לוח און נישט קיין זייגער, עס זענען דערצו פאַראַן רעגולאַטאָרן און טאָרמאָזן פון אַ העכערן און קאָמפּליצירטערן בוי. ווי עס איז שוין געווען די רייד אין אונזער ביכל, איז יעדער געשלעכטלעכער אַקט קודם-כל אַן אויסערסט פ אַ ר אַ נ ט וו אָ ר ט ל ע כ ע ר פּ ר אָ צ ע ס, ווייל ער קאָן האָבן גרויסע רעזולטאַטן פאַרן גאַנצן לעבן. דאָ ווערן פאַרבונדן צוויי קייטן פון ירושה-איינהייטן, וועלכע ציען זיך פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט אין דער נעפּלהאַפטער צוקונפט. דאָס פאַרגעסענע, וואָס איז שוין, דוכט זיך טויט, קאָן אַ דאַנק דעם געשלעכטלעכן אַקט אויפשטיין תחית-המתים און אָנ-הייבן לעבן צום פאַרדרוס פון די אַרומיקע און זיי וועלן מוזן אומזיסט פאַרלירן זייערע כוחות, כדי איינצוהאַלטן און באַקעמפן דידאָזיקע „שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט". די אַנטשטאַנענע

קאָמבינאַציע פון געגנען קאָן זיך לייגן ווי אַ שווערע לאַסט אויף די אַרומיקע און אָנשטאָט לייסטן געזעלשאַפטלעך נוציקע אַרבעט וועלן זיי מוזן אונטערהאַלטן דאָס לעבן פון אַ נישט-נויטיקן מיטגליד פון קאָלעקטיוו. אָט דאָס נישט-נויטיקע, וואָס איז נישט-ווילנדיק אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף דער ליכטיקער שיין, אַנט-האַלט אין זיך, ריכטיקער אין זיינע געשלעכטלעכע דריזן, אַלע מעגלעכקייטן נישט אויסגעלאָשן צו ווערן, נאָר איבערצוחזרן זיך אַ סך מאָל אין די קומענדיקע דורות; עס קאָן זיך אַזוי אויס-שפּרייטן, אַז שוין אין פינפהונדערט יאָר אַרום זאָל זיין שעד-לעכע פאַריַרשונגס-סובסטאַנץ אָנגעהערן אַזוי פיל מענטשן, ווי עס זענען איצטער פאַראַן איינוווינער אויף דער ערד-קויל. אַ פונק פון לא-יצלחדיקייט, טעמפּקייט אָדער העסלעכקייט, וואָס איז נישט פאָרזיכטיק געשאַפן געוואָרן אין איין געשלעכטלעכן אַקט, קאָן ביי פּאַסיקע באַדינגונגען זיך פאַנאַנדערפלאַקערן אין אַ שרפה און אין קאַמף מיט איר וועט אויסקומען צו פאַרלירן נישט ווייניק געזעלשאַפטלעך נוציקע ענערגיע.

דערזעלביקער געשלעכטלעכער אַקט, דיזעלביקע פאַרבינדונג פון צוויי פּעדים פאַריַרשונגס-שטאָף, קאָן אָבער אויך ברענגען צו דער אַנטשטייונג פון אַן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטן און טאַלענטירטן מענטש, וועלכער וועט ווי אויפזאַמלען אין זיך די שטרעבונגען און געדאַנקען פון מאַסן און אַרויסווייזן זיי שטאַרק, בולט און קלאָר. דערדאָזיקער רעזולטאַט פון דער לעבנס-שאַפונג קאָן אין דער ווייטערדיקער צוקונפט אַרויסברענגען אַ ריי ענלעכע באַשעפענישן, און עס וועט זיך דעמאָלט פאַנאַנדערוויקלען אַ נייער קנויל געשעפענישן, ווייט נישט קיין גלייכגילטיקע פאַרן מענטש-לעכן קאָלעקטיוו. דידאָזיקע ריזיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון געשלעכטלעכן אַקט, די מעגלעכקייט דורך איין באַהעפטונג אַרויס-צורופן פון נישט-זיין נישט בלויז אַ דורכשניטלעכן מענטש, אַ פּשוטן בשר-ודם, נאָר אויך אַ צווייטן לענין אָדער איינשטיין — פון איין זייט, אָדער עפּעס אַ למך — פון דער אַנדערער זייט, — דידאָזיקע מעגלעכקייט איז אַ פאַקט, וואָס דאַרף פון גרונט-אויס באַשטימען די געשלעכטלעכע אויפפירונג. עס איז פאַראַן אַ באַזונ-

ווערער צווייג פון ביאָלאָגיע, די אַזויגערופענע „לערע וועגן גוטער געבורט” אָדער די א ו י ג ע נ י ק, וועלכע פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט דער פראַגע, ווי אַזוי צו פאַרזיכערן גינסטיקע רעזולטאַטן פון געשלעכטלעכן אַקט. ס'איז קלאָר, אַז די געשלעכטלעכע אויפפירונג דאַרף באַשטימט ווערן קודם-כל דורך די אויגענישע געזעצן *).

ווי מיר האָבן געזען, איז די ביאָלאָגישע „באַלאַסטונג” פון דער פרוי אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי ביים מאַנסביל. מחמת דעם זענען אומבאַדינגט קעגנזעצלעך די אינטערעסן פון די צדדים אין געשלעכטלעכן אַקט. ביים מאַנסביל איז די באַהעפטונג נישט פאַרבונדן מיט קיין שום ביאָלאָגישע רעזולטאַטן, חוץ אַן אָנגענעם געפיל נאָכן באַפרייען זיך פון די איבערפליסיקע גאַמעטן. פאַר דער פרוי, להיפך, באַדייט זי, ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען, דעם אָנהייב פון אַ נייעם לעבנס-פעריאָד, וואָס ווערט כאַראַקטעריזירט דורך אַ באַזונדערן צושטאַנד פון „פיזיאָלאָגישן אַלטרויִזם”. ווי עס זאָלן זיך נישט ענדערן די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, אַלעמאָל וועט פאַרבלייבן פאַר דער פרוי דער פאַקט פון איבערבויען דעם קערפּער אויף נייע יסודות, אויב אַזוי וועט הייסן דער גורל פון אירע גאַמעטן. אפשר וועט די וויסנשאַפט ווען-נישט-איז געפינען אַ מיטל צו באַזייטיקן די ווייטיקן ביים גיין צו קינד (למשל, מיט דער הילף פון היפּנאָז), אפשר וועט זי אָפּשוואַכן ביז אַ מינימום אַלע נישט-אָנגענעמע זייטן פון דער שוואַנגערשאַפט. די פרוי וועט אָבער אַלעמאָל מוזן דינען דער פרוכט ווי אַ לעבעדיקער אינקובאַטאָר און צופּאַסן צו אירע אינטערעסן די אייגענע פיזיאָלאָגישע פאַרהעלטענישן. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז אויף עפּעס אַ נישט-באַלעבטן אינזל, וואָס איז פולקום איזאָלירט פון אַנדערע מענטשן, לעבן בלויז איין מאַנסביל און איין פרוי. דער מאַנסביל וואָלט אַפילו אין אַזאַ פאַל זיך געמוזט רעכענען מיט דעם, וואָס מיר האָבן דאָ אָנגערופן

*) זע ג. ג. שטעכער: „קומענדיקע דורות” (אריינפיר אין אויגעניק), פאַרלאַג „קולטור-ליגע”, 1929.

„ביאָלאָגישע טראַגעדיע” פון דער פרוי. אויך דאָ, ווו די כּללים פון געשלעכטלעכער אויפפירונג וואָלטן זיך מסתּמא באַוויזן אין זייער עלעמענטאַרסטער פאָרם, וואָלטן צווישן דיביידע מינים אויפגעקומען געוויסע ריין ביאָלאָגישע סתּירות. דידאָזיקע סתּירות וואָלטן דעם מאַנסביל געצווונגען זיך אָפּצוהאַלטן פון געשלעכט־לעכע באַציִונגען אין געוויסע פּעריאָדן פון דער פרויס לעבן. די כּללים פון דער געשלעכטלעכער אויפפירונג וואָלטן אין דעם פאַל איינגעשטעלט געוואָרן דורך דער פרוי און געווען דיקטירט דורך איר נאַטור. די „ביאָלאָגישע טראַגעדיע” פון דער פרוי וואָלט געווען דער וויכטיקסטער און אפשר דער איינציקער טאָרמאָז פון זייער געשלעכטלעכן לעבן, און זי וואָלט אומבאַדינגט אין אַ געוויסער מאָס רעגולירט די סעקסועלע זייט. אַזוי־אַרום וואָלט אויף דעם אינזל אַנטשטאַנען אַ „געשלעכטלעכע עטיק”.

אין דערווירקלעכקייט לעבט אויף דער ערד־קויל נישט איין פּאָר, נאָר אַ סך מיליאָנען מענטשלעכע פּאָרן, וואָס זענען ענג פאַרבונדן צווישן זיך דורך אויסערגעוויינלעך קאָמפּליצירטע געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען. דאָ ווערט די „ביאָלאָגישע טראַגעדיע” פון דער פרוי, לכל־הפּחות אין די באַדינגונגען פון איצטיקן איבערגאַנגס-פּעריאָד, בלויז אונטערגעשטראָכן און פאַרשאַרפט דורך די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן. וויבאַלד עס פעלט אַ געזעל־שאַפטלעכע קינדער־דערציִונג איז עס פאַרן באַוווסטזיניקן מיטגליד פון מענטשלעכן קאָלעקטיוו אַ נאַטירלעכער אויספיר פון וויבלעכן „ביאָלאָגישן טראַגיזם”, אַז ער דאַרף מאַטעריעל פאַר־זאָרגן די מוטער און דאָס קינד. דער צווייטער אויספיר איז — די נויטווענדיקייט נישט איבערצולאָדן די פרוי מיט די שווערע ביאָלאָגישע פליכטן, וואָס ווערן אויף איר אַרויפגעלייגט דורך באַהעפטונג און באַפרוכפערונג. די פרוי קאָן נישט קינדלען אָן אַ שיעור, און אויב אין דער הינזיכט איז נישטאָ קיין שום רעגולירונג, ווערט איר אָרגאַניזם פריצייטיק פאַרעלטערט. דאָס פאַרשטיין די „ביאָלאָגישע טראַגעדיע” פון דער פרוי שפּילט דאָ די ראָלע פון דעם נאַטירלעכן טאָרמאָז, וואָס דאַרף פענטען די פרייע אַרויסווייזונג פון די געשלעכטלעכע רעפלעקסן.

מיר באַקומען אַזוי-אַרום פיר הויפּט-פּרינציפּן, וואָס דאַרפן בילדן דעם יסוד פאַר די נייע כּללים פון געשלעכטלעכע אויפפירונג:

1. דאָס געשלעכטלעכע לעבן מוז מען שעצן און היטן, ווייל דאָס איז דער גרעסטער פיזיאָלאָגישער אוצר, איינער פון די גרעסטע און זיכערסטע לעבנס-ווערטן.

2. צוליב ריין ביאָלאָגישע סיבות מוז דאָס געשלעכטלעכע לעבן ווערן רעגולירט.

3. יעדער געשלעכטלעכער אַקט איז אַ העכסט פּאַראַנט-וואָרטלעכער פּראָצעס בנוגע צו די אינטערעסן פון מענטשלעכן קאָלעקטיוו.

4. ביים איינשטעלן די געשלעכטלעכע אויפפירונג אין אייגענעם לעבן מוז מען אומבאַדינגט נעמען אין אַכט דאָס, וואָס מיר האָבן אָנגערופן „ביאָלאָגישע טראַגעדיע" פון דער פרוי.

אָט די פיר פּרינציפּן, וואָס דרינגען דירעקט פון דער געשלעכטס-ביאָלאָגיע, זענען דער פונדאַמענט, אויף וועלכן עס דאַרפן אויפגעבויט ווערן די נייע כּללים פאַר דער געשלעכטלעכער אויפפירונג. פון דאַנען, פון פעסטשטעלן דידאָזיקע פּרינציפּן איז נאָך זייער ווייט ביזן אויפבויען אַן אמתע געשלעכטלעכע עטיק. אָבער אַפילו אַזאַ פּרימיטיווע אידעאָלאָגיע איז אימשטאַנד צו באַוואָרענען פון די צוויי גלייך געפערלעכע עקסטרעמען, — פון ריגאָריזם און אַסקעטיזם, אָדער פון געשלעכטלעכער אַנאַרכיע. איך חזר איבער, מען טאָר זיך נישט פאַרענטפערן, אַז איצט זענען נישטאָ קיין שום כּללים פון געשלעכטלעכער אויפפירונג, חוץ דער אָפּגעלעבטער בורזשואַזער מאָראַל. דאָס איז נישט ריכטיק, ווייל זאָגנדיק אַזוי פאַרגעסט מען, אַז ס'איז פאַראַן אַ גאַנצע וויסנשאַפט וועגן געשלעכט, די סעקסאָלאָגיע. ביים אויפבויען דאָס אייגענע לעבן מוז מען זיך שטיצן דווקא אויף דער ביאָלאָגיע פון געשלעכט, און דאָס גיט אַ מעגלעכקייט קיינמאָל נישט צו פאַרבלאָנדזשען אין דעם פיל-געשטאַלטיקן פלאָנטער פון דער ווירקלעכקייט און אַלעמאָל צו וויסן, וואָס מען טאָר יאָ און וואָס מען טאָר בשום אופן נישט.

# נאָכוואָרט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די פריערדיקע אויפלאַגעס פון מיין ביכל האָב איך באַקומען אַ ריי בריוו, צומייסט פון אַ פּאָלעמישן אײַנהאַלט, און געפירט נישט ווייניק ביז גאָר אינטערעסאַנטע שמועסן מיט פאַרשידענע מענטשן.

אינטערעסאַנטער פאַר אַלץ זענען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, די מיינונגען פון פרויען וועגן דער טעמע, וואָס איך האָב באַרירט. מען קאָן זיי צעטיילן אייף צוויי גרופּעס. יונגע פרויען, וועלכע הייבן ערשט אָן דאָס געשלעכטלעכע לעבן, זאָגן זיך שאַרף אַרויס קעגן די געדאַנקען, וואָס ווערן אַנטוויקלט אין מיין ווערק. זיי געפינען, אַז אַלץ איז ביי מיר באַשריבן נישט־ריכטיק און איבער־טריבן, אַזוי־צו־זאָגן, פון „מענלעכן" שטאַנדפּונקט, און אַז אין דער ווירקלעכקייט איז נישטאָ קיין שום „ביאָלאָגישע טראַגעדיע"; זיי, יעדנפאַלס, פילן נישט אַזאַ טראַגעדיע. גאָר אַנדערש גייען־צו צום ענין די בריוו־שרייבערינס און בכלל לעזערינס, וועלכע האָבן שוין אַ גאַנץ גרויסן „פרויען"־סטאַזש. זיי דריקן־אויס זייער צופרידנקייט, וואָס די פראַגע וועגן „ביאָלאָגישן גורל" פון דער פרוי איז געשטעלט געוואָרן אויף דער טאָג־אָרדנונג און ברענגען אַליין אויסערסט בולטע, אַרויסגענומענע פּשוט פון לעבן, ביישפּילן, וואָס אילוסטרירן מיין בוך.

„איך בין שוין אַלט 42 יאָר, — שרייבט איינע פון מיינע לעזערינס, — און שוין אפשר אַ יאָר 12 אָדער מער, ווי עס מאַטערט מיך כסדר, מען קאָן זאָגן טאָג־טעגלעך, דאָס באַוווסט־זיין, אַז מיט די פרויען איז עפּעס נישט אין אָרדנונג, עפּעס נישט אַזוי גלאַט.

אויף דער געשלעכטלעכער פראַגע האָב איך בשום אופן

נישט געקאָנט געפינען קיין ענטפער, וואָס זאָל מיך באַפרידיקן. אייער בוך האָט מיך טיילווייז באַרויִקט. אַלע צרות, – סיי פערזענלעכע, סיי קאָלעקטיווע, פאַרלירן זייער פאַרניכטנדיקע ווירקונג, ווען זיי ווערן אויפגעקלערט ווי געזעצן פון דער נאַטור".

„איך מיין, – שרייבט אַן אַנדערע לעזערין, – אַז דאָס, וואָס איר האָט געזאָגט, האָט מען אומבאַדינגט געמוזט זאָגן, און נישט פאַר פרויען (זיי ווייסן דאָס אַליין), נאָר פאַר מאַנסבילן, וועלכע פאַרשטייען צומייסט נישט די פרויען. איינער פון מיינע באַקאַנטע האָט, נאָכן איבערלייענען אייער בוך, אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן זיין אָרט אין טראַמוויי פאַר פרויען, און פריער פלעגט ער דאָס קיינמאָל נישט טון. מיר דוכט זיך בכלל, אַז פרויען פאַרשטייען בעסער דעם מאַנסביל, ווי די מאַנסבילן די פרוי. בלויז וועגן פאָליגאַמיע בין איך מיט אייך אינגאַנצן, אינגאַנצן נישט מסכּים. דערמיט האָט איר קאַליע געמאַכט אייער נוצלעך און גוט בוך"...

„איך ווייס אַזאַ פאַל, – שרייבט אַ דריטע, – אַז אַ יונגע פרוי האָט זיך אויפגעהאָנגען עטלעכע שעה פאַר דער קימפּעט, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די געבורטס-ווייען. זי האָט איבערגעלאָזן אַ צעטעלע, אַז זי שטאַרבט אויס מורא פאַר די געבורטס-ליידן. מיר אַליין זענען אַפילו באַקאַנט פאַלן, ווען פרויען פלעגן אין פעריאָד פון די מאָנאַטלעכע ווערן אינגאַנצן אויס מענטש. איך האָב איבערגעלעבט בלויז איין שוואַנגערשאַפט, דאָס איז אָבער געווען שרעקלעך. אויב איר האָט אַפילו ווען-נישט-איז געליטן פון דער ים-קראַנקהייט, האָט איר נאָך קיין מינדסטע אַנונג נישט וועגן דעם איבלען בעת דער שוואַנגערשאַפט. דאָס איז עפּעס גאָר אַ באַזונדער איבלעניש, וואָס הייבט זיך אָן אין איין באַשטימטן פונקט (מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס גייט-אַרויס פון רינג אויפן פינגער) און פאַרכאַפּט דעם גאַנצן מענטש. די פרוי ווערט אינגאַנצן הילפלאָז און פילט זיך נישט ווי אַ מענטש, נאָר ווי אַ בעל-חי... איר האָט נישט אַלץ געזאָגט; אין דער ווירקלעכקייט איז די ביאָלאָגישע טראַגעדיע אַ סך שרעקלעכער, ווי איר שטעלט זיך דאָס פאָר פון מאַנסבילשן שטאַנדפונקט"...

„מיך, — שרייבט אַ פערטע לעזערין, — פלעגן אַלעמאָל שרעקלעך אויפרעגן, — די באַנאַלע, גרויזאַמע און טעמפע אָנ־שווינגען פון מאַנסבילן וועגן די פליכטן פון דער פרוי און וועגן איר דערנער־וועג — דער מוטערשאַפט. זיי אַלע — פּאָעטן, געלערנטע, סתם מענטשן, — אַלע רופן זיי ביי מיר אַרויס פיינטלעכע געפילן מיט זייער לויבן די פריידן פון דער מוטער און מיט זייער רופן צו קינדלען. איין גינעקאָלאָג שרייבט, אַז אַ פרוי קאָן אָן שאָדן פאַר איר געזונט האָבן ביז אַכט קינדער. אַן אַנדערער פאַרזיכערט, אַז אויב די פרויען וואָלטן געוווסט, וואָס פאַר אַן אומבאַשרייבלעך פאַרגניגן ס׳איז דאָס זויגן די קינדער, וואָלטן זיי זיך פון דעם נישט אָפּגעזאָגט. צי איז דאָס נישט קיין חוצפה צו רעדן וועגן אַ זאַך, וואָס מען האָט אַליין נישט איבער־געלעבט? אייניקע געפינען, אַז די געבורטס־ליידן פון דער פרוי זענען נישטיק קליין אין פאַרגלייך מיט די שאַפונגס־ליידן פון דיכטער א. אַ. וו. איך וואָלט געוואָלט, אַז כאָטש איינער פון די דאָזיקע פאַראַכטעטע צבועקעס זאָל כאָטשבי פונדערווייטנס דערשפירן דאָס, וואָס אַ פרוי לעבט־איבער בעת דער קימפעט! ס׳איז אינטערעסאַנט, וואָס ער וואָלט דעמאָלט געזאָגט! פון דער פריעסטער יוגנט האָט מיך נישט געלאָזט רוען דאָס אומגערעכטע געזעץ פון דער נאַטור, לויט וועלכן דער מאַנסביל האָט הנאה אומזיסט, און די פרוי ליידט אַליין פאַר אַ רגע פון גליק... וואָס באַדייט די גאַנצע גלייכבאַרעכטיקונג פון דער פרוי, די פּאָליטישע און יורידישע גלייכבאַרעכטיקונג, אויב מיר זענען ביאָלאָגיש נישט גלייכבאַרעכטיקט מיט די מאַנסבילן. זיי קאָנען אומבאַשטראָפט פירן הונדערטער „ליבעס" און אַפילו נישט וויסן וועגן די מעגלעכע רעזולטאַטן. די פרוי מוז אָבער אויסשטיין שרעקלעכע צרות. אַזאַ נישט־יושרדיקייט! איר זענט גאַנץ גערעכט, אַז די פריידן פון דער מוטערשאַפט זענען אינגאַנצן נישט פּראָפּאָרציאָנעל צו אירע ליידן, און נישט בלויז פיזישע ליידן אַליין. די שענסטע צייט פון ווייבלעכן לעבן פאַרגייט אין קראַנקהייט און פאַרקריפּלונג. די באַפרייונג קומט ערשט אין פּעריאָד פון פאַרוועלקונג. די ליבע איז פּאָעזיע, די מוטערשאַפט — פּראָזע. די טראַגעדיע פון

אונזער מין איז שרעקלעך, און צום באַדויערן וועט זי נישט פאַרשטאַנען דורך אַ סך פרויען. כסדר קומט-אויס צו הערן, ווי מען פאַרענטפערט דאָס נישט-וועלן קינדלען מיט עקאָנאָמישע סיבות. צי גייט דאָ בלויז וועגן עקאָנאָמיק? מען פאַרשטייט נישט, אַז די באַפרוכפערונג איז אונזער פאַרשקלאַפונג"...

„איך מוז מיט אייך מסכים זיין, – שרייבט איינע, ווי דאָס דרינגט פון בריוו, אַ סטודענטין, – אַז בעת די מאָנאַטלעכע ליידן די פרויען שטאַרק, אַפילו מערער, ווי דאָס מיינען די מאַנסבילן. איר האָט דאָך גענומען נאָרמאַלע פאַלן, ביי די מייסטע פרויען פאַרלויפט אָבער דידאָזיקע פיזיאָלאָגישע דערשיינונג נישט-נאָרמאַל. עס לאָזט זיך פילן יעדע קלייניקייט: דורכגענעצטע פיס, אויפרעגונג און פיזישע אַרבעט. די לעצטע ווירקט באַזונדערס שרעקלעך אויף אונז, סטודענטינס. בעת מען קערט זיך אום פון אַזאַ אַרבעט, דוכט זיך, אַז אַלע אינגעווײדן קריכן-אַרויס. אין דעם פעריאָד וואָלטן די מייסטע געדאַרפט ליגן, און מיר טוען אַלץ ווי געוויינלעך, שטייען גאַנצע טעג אין דער לאַבאָראַטאָריע, גייען אָפט אויס פון ווייטיק און מאַכן זיך ווי ס'וואָלט גאָרנישט געווען. אין דעם פעריאָד רופט זיך ווייטיקדיק אָפּ אויף אונזער אָרגאַניזם יעדער שטויס, יעדע נישט-פּאָרזיכטיקע באַוועגונג"...

„אין אייער ביכל האָבן מיך געוויסע זאַכן אויפגעבראַכט", – שרייבט אַ פרוי, אַ מוטער פון צוויי קינדער, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעך-מעטאָדישער אַרבעט. „ערשטנס שרייבט איר, אַז אַלע דערשיינונגען פון אונזער ווייבלעכקייט זענען אונזער „טראַגעדיע", און איך זאָג – ניין; דאָס איז אונזער לעבן און אונזער באַפרידיקונג. די צרה איז נישט אין אונזערע ווייבלעכע באַזונדערקייטן, נאָר אין די אַרומיקע באַדינגונגען. פונקט ווי דער מאַנסביל פאָדערט געוויסע רויקע באַדינגונגען בעת זיינע מענטלעכע איבערלעבונגען, האָט אויך די פרוי נויטיק איר רויקייט.

דאָס שטענדיקע געשלעכטלעכע לעבן פון מאַנסביל און פרוי שטעלט בכלל מיט זיך פאָר אַ געוויסע אומנאָרמאַלקייט. די

געשלעכטלעכע דערנענטערונג קאָן צושטאַנדקומען בלויז צוליב די קינדער און בלויז אין אַ באַשטימטן פעריאָד פון לעבן. דורכן געשלעכטלעכן לעבן ווערט די פרוי צעשטערט מערער פאַר אַלץ.

שטויסט נישט מיידלעך צום געשלעכטלעכן לעבן, זאָגט נישט, אַז עס איז אומבאַדינגט נויטיק. פאַרבייטן דאָס געשלעכטלעכע לעבן מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן קאָן מען איינפאַך און לייכט. זאָל אונזער געשלעכטלעך לעבן האָבן פאַר זיך אַ ציל, און נישט דינען בלויז דעם פאַרגניגן! דאָס האָט מיך זייער פאַרדראָסן אין אייער ביכל. נו, און ווייטער, רעדט נישט וועגן דער טראַגעדיע פון דער פרוי, זאָגט נישט, אַז ס'איז כלומרשט נישטאָ קיין שום אויסוועג. עס זענען דאָ פרויען, וואָס וועלן מאַכן אַ סוף צו זייער לעבן, נאָכן איבערלייענען אייער ביכל, אויב זיי וועלן זיך איינרעדן, אַז איר זענט גערעכט. רעדט נישט איין קיין זאַכן, וואָס זענען אין דערווירקלעכקייט נישטאָ. די פרוי פאַרמאָגט אירע אייגענע ווערטן און איר אייגענע מענטשלעכקייט, און נישט אַלעמאָל איז די לאַגע אַזוי האָפנונגסלאָז. אַנדערע מיידלעך קאָנען, נאָכן איבערלייענען אייער ביכל, באַגיין גרויסע פעלערן. אָט דאָס האָט מיך טאַקע באַוויגן אייך אָנצושרייבן אַ בריוו. רופט־אָן די קומענדיקע אויפלאַגע פון אייער ביכל אַנדערש — זאָגט נישט, אַז די ביאָלאָגיע פון דער פרוי איז אַ טראַגעדיע".

„איך בין פולקום מסכים מיט אייך, — שרייבט אַן אַנדערע לעזערין, — אַז דאָס לעבן פון דער פרוי איז אַ טראַגעדיע, אַ שרעקלעכע טראַגעדיע, באַזונדערס — די קימפעט. אָבער צוגלייך מיט צרות און פיין אין משך פון גאַנצן לעבן טרעפן זיך אַמאָל רגעס, ווען מען איז גרייט פאַרן קינד צו ברענגען אַלס קרבן אַפילו דאָס לעבן. איר ווי אַ מאַנסביל קאָנט זיך נישט פאָרשטעלן דאָס גליק פון דער מוטערשאַפט. דאָס איז אפשר אַן אינסטינקט אָדער עפּעס ענלעכס אין דער אַרט, נאָר אַזוי איז עס. דאָס העכסטע גליק, וואָס אַ פרוי קאָן ווען־נישט־איז איבערלעבן, איז די ערשטע מוטערשאַפט! איך בין נאָך אַ מיידל, איך זאָג

אָבער אָפּן, אַז איך וויל האָבן אַ קינד! יאָ, איך בין מסכּים מיט איין, אַז דער צווייטער פּעריאָד פון פרויען-לעבן איז זייער אַ שווערער. באַזונדערס שווער איז ער ביי אונז אין די באַדינ-גונגען פון סטודענטישן לעבן. באַזונדערס נישט-אָנגענעם און שווער איז דער צושטאַנד אין דער צייט פון די מאָנאַטלעכע. אָבער פאַר אַ רגע פון גליק, פאַר אַ רגע פון קעגנזייטיקער ליבע און תּענוג איז די פרוי גרייט לאַנג צו ליידן. אפשר איז מיין מיינונג נישט ריכטיק, אויב מען זאָל נעמען די פרוי אין וועלט-מאָסשטאַב (?!), דאָס איז אָבער מיין פּערזענלעכע מיינונג, וועלכע האָט זיך ביי מיר שוין לאַנג אויסגעקריסטאַליזירט — זינט דער צייט, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן ליבן. די מיינונג האָט זיך ביי מיר נאָך מערער פאַרשטאַרקט נאָכן איבער-לייענען אייער בוך״...

זייער אַ סך פרויען באַקלאָגן זיך אויף דער לייכטזיניקער באַציִונג פון מאַנסביל צום געשלעכטלעכן אַקט. „זאָלן די מאַנסבילן זיך איינהאַלטן, נישט צעטרענצלען זייער „ליבע״ מיט אַ פאַרברעכערישער לייכטקייט, נישט נעמען קיין פרוי, אויב זיי האָבן בדעה שוין מאָרגן זי אַוועקצוּוואַרפן״. אַן אַנדערע לעזערין שרייבט, אַז „פאַר די מייסטע מאַנסבילן איז נעמען אַ פרוי פּונקט אַזוי לייכט, ווי אויפעסן אַ קאַוואָן: אַ קורצע אָנגענעמע איבערלעבונג, וואָס ווערט באַלד פאַרגעסן. מען קאָן שוין איבער-גיין צו אַ נייעם קאַוואָן״... אייניקע לעזערינס פּרוּוון אַפילו איינ-שטעלן אַ מינימאַלן טערמין, ווען דער מאַנסביל איז מחויב צו בלייבן צוגעבונדן צו דער פרוי. „קיין אייביקע ליבע איז, פאַר-שטייט זיך, נישטאָ, זאָל זי אָבער דויערן כאָטשבי איין יאָר!״.

מען ברענגט אָן אַ שיער אויסערסט פאַרביקע אילוסטראַציעס פון די געשלעכטלעכע פאַרפאָלגונגען, וועלכע ס׳האָט ביי אונז אויס-צושטיין די אַרבעטנדיקע פרוי. עס ווערן אויסגענוצט אַלע מיטל׳ען, אָנגעהויבן פון דער העכערער שטעלונג און געענדיקט מיט שטאַרקע מוסקלען און שאַנטאַזש. נישט קיין וווּנדער בכן, אַז די מייסטע לעזערינס זענען גענויגט צו זען אין דערדאָזיקער לאַגע פון אַ גערודפטן „בעל־חי״ איינעם פון די הויפּט־קוואַלן

פון אַלע צרות. „נישט פון דער ביאָלאָגישער טראַגעדיע ליידן מיר, נאָר פון דער גראָבקייט", שרייבט איינע פון זיי. „יעדער מאַנסביל קוקט אויף דער פרוי ווי אויף אַ זי, וואָס קאָן אים געבן פאַרגניגן און מער גאָרנישט", שרייבט אַן אַנדערע. „ביי מיר טרעפן זיך זייער שווערע מאָמענטן", שרייבט אַ פרוי, וואָס פאַרנעמט זיך, ווי עס דרינגט פון בריוו, מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, „ווען איך זע אין יעדן חבר, אין יעדן מאַנסביל אַן ער, אַ בעל־חי, וואָס וועט אָט־אָט אויפכאַפּן זיך און אַרויסקריכן פון אונטער זיין מאַסקע אין זיין גאַנצער ווילדקייט. דאָס זענען שרעקלעכע מאָמענטן, און איך האָב דעמאָלט פיינט אַלע מאַנסבילן. עס ווילט זיך מיר דעמאָלט נעמען אָן זיי נקמה"... „איך וויל אייך דערציילן וועגן אַ פאַל, וואָס איז געשען, בעת איך בין געפאָרן פון מאָסקווע קיין לענינגראַד צוגאַסט" — שרייבט אַ סטודענטין. „דאָס איז געווען בשעת די פעריען, און עס זענען געפאָרן זייער אַ סך סטודענטן. אין אונזער קופּע זענען געזעסן 12 מאַנסבילן און 2 פרויען. אויף יעדער באַנק איז אויסגעקומען צו שלאָפן זאַלבעדריט. אין אָוונט האָט מען דערציילט איינער דעם אַנדערן אַ סך נישט־אָנשטענדיקע אַנעקדאָטן, וועלכע מען האָט פשוט נישט געקאָנט הערן. ביינאַכט האָב איך דערשפּירט די גאַנצע נבלה פון דער ריין בעלי־חיישער באַציִונג צו מיר אַלס פרוי; איך בין אויפגעשפּרונגען, אַרויס אין קאָרידאָר און זיך שוין מער נישט געלייגט. איך וואָלט געקאָנט ברענגען צענטליקער אַזעלכע ביישפּילן פון נישט־איינגעהאַלטנקייט און גראָבער באַציִונג ביי אונזערע חברים"... אַן אַנדערע לעזערין, אויך אַ סטודענטין שרייבט: „בַיי דער דורכשניטלעכער פרוי, וואָס איז נישט בּאַשאָנקען מיט טאַלענטן און געפינט נישט אין זיי קיין באַפרידיקונג, שפּילט די ליבע אַ גרויסע ראָלע. די אומבּרחמנותדיקע באַציִונג פון מאַנסביל צו דער פרוי צעברעכט איר גאַנץ לעבן, נעמט ביי איר צו דעם מוט און פאַרקלענערט איר אַרבעטס־פעיקייט. איי ניקע פרויען, שטאָלצע און באַשטענדיקע לויטן כאַראַקטער, זענען געוואָרן אויסגעלאַסן, דערשפּירנדיק אויף זיך די אומבּרחמנותדיקייט פון די מאַנסבילן, און האָבן זיך

געלאָזן אויף לייכטע וועגן. עס האָט זיך זיי געוואָלט אַלץ פּאַר־געסן אָדער אָפּצאָלן מיט דערזועלביקער מטבע". „אויב דו וואַרפסט זיך נישט אין די אָרעמס דעם ערשטן בעסטן סטודענט, — קלאָגט זיך אין איר בריוו אַן אַנדערע סטודענטין, — ביסטו אַ קליינ־בירגערין, ביסטו נישט ווערט צו זיין אַ פּראָלעטאַרישע סטודענטין. ביי דער פרוי איז אָבער מיט דעם שריט פאַרבונדן זייער אַ סך. איך האָב נאָך נישט איבערגעלעבט דעם דריטן פעריאָד פון לעבן, איך ווייס אָבער פון דער אייגענער דערפאַרונג: נישט געאַכט אויף דעם געשלעכטלעכן דראַנג, וועלכן ס'שפּירט די פרוי, נישט געאַכט אויף די שלאָפלאָזע נעכט, ווען דו ליגסט אין בעט און מאַטערסט זיך אין קאַמף מיט דער „פאַרשאָלטענער נאַטור", נישט געאַכט אויף אַלעם דעם, גייען מיר פרויען נישט אַזוי לייכט איין אויף דעמדאָזיקן שריט"...

„אָט האָט איר אַ קליינעם פאַקט פון אונזער סטודענטישן לעבן!" — שרייבט אַן אַנדערע סטודענטין. „פרילינג, ווען די זון האָט אַביסל אונטערגעוואַרימט די ערד, ווען די חנעוודיקע זינג־פייגעלעך האָבן באַטויבט מיט זייער אומאויפהערלעכן צוויטשערן די אומגעגנט פון מאָסקווע, האָט זיך פאַרוואָלט אַרויסגיין פון דער ענגער לאַבאָראַטאָריע, פון גרויסשטאָטישן צימער מיט זיינע 12 קוואַדראַט־אַרשין, ס'האָט זיך פאַרוואָלט אַנטלויפן פון די „סימפּאַטישע" אינטערנאַטן, וווּ עס וווינען אין יעדן צימער 6—7 מענטשן. ס'האָט זיך פאַרוואָלט אָפּצואָטעמען אַביסל מיט פרישער לופט. האָבן זיך אונזערע יאַטן אַ לאָז־געטון אויף אַ שפּאַציר אויף די וואָראָביעווער בערג. די בחורים האָבן זיך צעשטיפט און אָנגעהויבן די ווילדעסטע שפּילן, און אַ קרבן פון דידאָזיקע שפּילן זענען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געווען מיר פרויען. מען האָט געהויבן מיידלעך ביז זיי פלעגן נישט פאַלן אין אָנמאַכט. בעת איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן אַזאַ „חבריש־פריינטלעכער" באַציִונג, האָבן די חברים פון מיין קורס מיר אויפגעוואָרפן, אַז איך האָב אַ קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגיע און מיר צו־געוואָרפן, אַז איך בין צירלעך־מאַנירלעך. מיין ענטפער, וועלכער האָט זיך געשטיצט אויף די ביאָלאָגישע באַזונדערקייטן פון דער

פרוי, האָט נישט דערגרייכט צום ציל. אַזעלכע „אומשולדיקע שטיפערייען", געפּערלעכע פאַרן געזונט פון דער פרוי, דערלויבט זיך אונזער סטודענטישע יוגנט גאַנץ אָפט, למשל, ביי אַלע דעמאָנסטראַציעס, ווען ס'קומט־אויס שעהן־ווייז שטיין און וואַרטן, מען זאָל קאָנען גיין ווייטער"...

אין זעלביקן גייסט שרייבן אויך די אַנדערע קאָרעספּאָנ־דענטינס. נאָר געגוג צו ברענגען די אַלע בילדער אַרויסגעכאַפּט פון סאַמע לעבן, בפרט, ווען אַלע רעדן זיי אויף פאַרשידענע אופנים וועגן איין־און־דעמזעלביקן ענין. פון זיי דרינגט קלאָר און דייטלעך, אַז דער געדאַנק וועגן דער „אומגערעכטיקייט פון דער נאַטור" רעגט־אויף די פרויען אָפט שוין אין דער פריעסטער יוגנט. אייניקע פרויען קוקן אויף זייער ווייבלעכן גורל פשוט ווי אויף עפּעס אַ „קללה", פון וועלכער זיי וואָלטן זיך גערן באַפרייט. אַ סך זאָגן־אַרויס זייער פּעסימיסטישע געדאַנקען און געפינען, אַז איך, ווי אַ מאַנסביל, האָב נישט באַנומען און נישט געקאָנט באַנעמען דעם ביאָלאָגישן טראַגיזם פון דער פרוי אין זיין גאַנצן פאַרנעם. זיי האַלטן, אַז אין דער ווירקלעכקייט האָט מען דעם גורל פון דער פרוי געדאַרפט פאָרשטעלן אין נאָך פינצטערערע פאַרבן, ווי דאָס איז געטון געוואָרן אין מיין ביכל.

אַנדערע האַלטן פאַרקערט, אַז די פאַרבן זענען ביי מיר שוין צו שוואַרץ.

„פון אייער ביכל דרינגט, — שרייבט אַ סטודענטין, — אַז די פרוי באַרויקט זיך ערשט נאָכן טויט. יאָ, איר זענט אפשר גערעכט, אָבער אויב אַזוי, וואָלטן אַלע פרויען שוין לאַנג געדאַרפט זיך נעמען דאָס לעבן, און אין די מייסטע פאַלן ווערט עס נישט געטון. ווייזט־אויס, איז עפּעס נישט אַלץ אַזוי, ווי איר שרייבט. אַ טראַגעדיע איז פאַראַן, זי איז אָבער נישט אַזוי גרויס. עס טרעפן זיך דאָך מאָמענטן, וואָס עס לוינט פאַר זיי אַריבערצו־טראָגן אַפילו שווערע ליידן. שענקען גליק אַ געליבטן מענטש, ווען אַפילו באַצאָלן דערפאַר מיט יסורים, איז פאַר אַ סך פרויען אַ פאַרגניגן. נישט געאַכט אויף אַלע צרות, וועלכע ס'מוז אויס־שטיין אַ פרוי פון דער „פיזיאָלאָגישער קאַטאַסטראָפע", וויל איך

פערזענלעך האָבן אַ קינד, אָבער בלויז פון אַ מענטש, וועלכן איך וואָלט געליבט. אָט דאָס שטיקעלע לעבן וועט דאָך זיין אַ טייל פון מיין אייגענעם קערפער; צי איז דאָס נישט קיין גליק, צו זויגן אים מיט דער אייגענער ברוסט און צוטוליען אים צו זיך! איך בין פונדעסטוועגן נישט אינגאַנצן מספּים מיטן נאָמען פון ביכל".

נאָך אינטערעסאַנטער זענען די בריוו, ווו די קאָרעספּאָנ־דענטינס זוכן אַן אויסגאַנג פון דעם טראַגיזם. פיל פון זיי מיינען, אַז דער „ביאָלאָגישער גורל" פון דער פרוי קאָן באַדייטנדיק פאַרלייכטערט ווערן דורך פיזישער דערציִונג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז קיין שום ספק נישטאָ, אַז די פיזישע דערציִונג איז זייער אַ גוטע זאַך און אַז זי איז פאַר דער פרוי נויטיק נישט ווייניקער, און אפשר אַפילו מערער ווי פאַרן מאַנסביל. קלאָר איז אָבער, אַז דער גורל פון דער פרוי וועט זיך דערפון ראַדיקאַל נישט ענדערן. אַלצאיינס, אַפילו אַ פיזיש געזונטע פרוי וועט ביאָלאָגיש זיין באַלאַסטעט אַ סך מערער פאַרן מאַנסביל. מען קאָן זאָגן נאָך מער, דווקא ביי דער פיזישער דערציִונג וועט די „ביאָלאָגישע טראַגעדיע" זיך באַזונדערס וואַרפן אין די אויגן. די בעקן־ און היפּט־ביינער זענען ביי דער פרוי פאַרהעלטנישמעסיק אַ סך ווייטער אָפּגערוקט איינע פון די אַנדערע ווי ביים מאַנסביל, און דערפאַר איז דער פרוי שטענדיק שווערער איינצוהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט ביי אַלערליי קערפּער־באַוועגונגען. די פרוי קאָן נישט לויפן אַזוי גיך ווי דער מאַנסביל, און דערין איז נישט שווער זיך צו איבערצייגן אויף גימנאַסטישע איבונגען פון פרויען־ און מענער־גרופן. דער באַרימטער אַנאַטאָם הירטל איז טיילווייז געווען גערעכט, בעת ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איינציקע, וואָס די פרוי טוט נישט שיין און נישט גראַציעז, איז דאָס גיכע לויפן, ווייל עס קומט איר אויס צו שטאַרק אָרויסצורוקן דעם בעקן דאָ אין איין זייט, דאָ אין דער אַנדערער, כדי איינצו־האַלטן דאָס גלייכגעוויכט.

אויב די פרוי ליידט נישט אויף ווירילאיזם, ד. ה., אויף אַן איינגעבוירענער אָפּשוואַכונג פון די סעקונדער־געשלעכטלעכע

סימנים, וועט זי אַלעמאָל און אין אַלע פאַלן זיין הינטערשטעליק לגבי דעם מאַנסביל בנוגע צו מוסקל-קראַפט. איר סקעלעט איז צו צאַרט, כּדי ער זאָל קאָנען פאָרשטעלן אַ גענוגנדיקע שטיצע פאַר אַ שטאַרקער און אַנטוויקלטער מוסקולאַטור. די דאָזיקע צאַרטקייט און דעליקאַטקייט פון סקעלעט איז ביי דער פרוי פונקט אַזאַ סעקונדער-געשלעכטלעכער סימן ווי, לאָמיר זאָגן, די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון די מילך-דריזן, די פאַרקיילעכונג פון די פאָרמען, דאָס פעלן פון האָר אויפן געזיכט א. אַ. וו. ביי גלייכע באַדינגונגען וועט די פרוי איבער דעם שטענדיק אָפּשטיין פון מאַנסביל אין זין פון פיזישער דערציִונג.

ס׳איז קלאָר, אַז ביי אַ פיזיש געזונטער און גוט געבויטער פרוי וועלן סיי די מאָנאַטלעכע, סיי די שוואַנגערשאַפט, סיי דאָס גיין-צו-קינד פאַרלויפן לייכטער ווי ביי אַ פרוי, וואָס פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין פיזישער אַרבעט און נישט מיט קיין ספּאָרט. אָבער אין פאַרגלייך מיט אַ גלייך געזונטן מאַנסביל וועט זי פונדעסטוועגן זיין באַלאַסטעט מיט ביאָלאָגישע פליכטן און ביי די געגעבענע סאָציאַלע באַדינגונגען וועט זי נישט קאָנען גיין מיט אים שריט-ביי-שריט אויף אַלע געביטן פון לעבן. קיין שום פיזישע דערציִונג קאָן נישט אָפּווענדן די אומאָרדנונג אין רעפלעקטאָרישן מעכאַניזם בעת די מאָנאַטלעכע אָדער פאַרטיליקן דעם „פיזיאָלאָגישן אַלטרויִזם“ אין דער צייט פון שוואַנגערשאַפט און לאַקטאַציע. וויפל די פרוי זאָל זיך נישט ווידמען דעם ספּאָרט און דער פיזישער אַנטוויקלונג, וועט זי אין בעסטן פאַל, — בלויז אָפּציען אויף עטלעכע יאָר דעם פעריאָד, ווען דער אָר-גאַניזם ווערט אַלט און שוואַך, ווי דאָס איז באַשריבן אין קאַפּיטל XI פון אונזער ביכל.

זייער אַ סך, אויב נישט אַלע לעזערינס זאָגן-אַרויס דעם געדאַנק, אַז די לעגאַליזאַציע פון אַבאָרטן און די וויסנשאַפטלעכע באַאַרבעטונג פון שוואַנגערשאַפט-פאַרהיטונג קאָנען באַדייטנד פאַר-לייכטערן די טראַגעדיע פון זייער מין.

„איך בין אַן אָנהענגערין פון אַבאָרטן, — שרייבט אַ לעזערין, ווי עס זעט זיך פון בריוו, אַן אינטעליגענטע און דענקנדיקע

פרוי, — און איך קאָן זאָגן, אַז זעלטן־ווען בין איך געווען אין אַזאַ גליקלעכן צושטאַנד ווי נאָך אַן אַבאָרט. אין משך פון צוויי וואָכן האָב איך זיך געפילט ווי ווידערגעבוירן, אומגעקערט צוריק צום לעבן, איך האָב געלעכצט נאָך אַלע פריידן פון לעבן און געווען באַגייסטערט־גליקלעך. דערנאָך האָב איך זיך באַרויִקט, נאָר געווען פריידיק. נאָך דער געבורט איז נישט געווען ביי מיר קיין שום ענלעכע שטימונג. דער אַבאָרט איז אָבער פאַרבונדן מיט גרויסע ליידן. איך לייג גרויסע האָפענונגען אויף די פאַר־היטונגס־מיטלען.

אין זעלביקן גייסט זאָגן זיך אַרויס אויך אַנדערע אונזערע קאָרעספּאָנדענטינס. אַלע זאָגן זיי אין איין קול, אַז די וויסנשאַפט מוז אויסאַרבעטן מיטלען, וואָס זאָלן געבן דער פרוי אַ מעגלעכקייט לויטן אייגענעם איינזען האָבן אַ קינד אָדער נישט. אַלע זענען מסכים אויך דערין, אַז נישט בלויז די עקאָנאָמישע סיבות, נאָר אויך דער ווילן זיך צו באַפרייען פון ביאָלאָגישן יאָך צווינגט די פרויען דורכצופירן די אַבאָרטן און צו נוצן אַלערליי פאַר־היטונגס־מיטלען.

די פראַגע איז, ווייזט־אויס, זייער אַן אָנגעווייטיקטע, און די מייסטע פרויען, וואָס שרייבן צו מיר אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין ביכל, שטעלן זיך אויף איר אָפּ.

עס האָבן צו מיר געשריבן אויך מאַנסבילן. אייניקע פון זיי האָבן מיך באַשאָטן מיט פאָרוווּרפן, אַז איך האָב זיך כלומרשט נישט פריינטלעך באַצויגן צו די פרויען (ווי עס דרינגט פון אייניקע ערטער אין זייערע בריוו, האָבן זיי זיך אַפילו נישט פאַרגעבן די מי איבערצולייענען דאָס ביכל און האָבן זיך געשטיצט ב...ז אויף פרעמדע רייד). אַנדערע, פאַרקערט, דריקן־אויס זייער צופרידנקייט, וואָס מיין ביכל האָט זיי געצוווּנגען זיך צו פאַר־טראַכטן וועגן זייער באַציִונג צו פרויען און האָט זיי אויסגעלערנט צו קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף די נאָענטע צו זיי פרויען.

איינער פון מיינע קאָרעספּאָנדענטן לייגט אַפילו אויס אַ גאַנצע טעאָריע, וועלכע ער האָט געשאַפן „נאָך אַן עקשנות־דיקער אַרבעט, וואָס האָט געדויערט שיער נישט זיין גאַנץ לעבן״.

איך ברענג דידאַזיקע טעאָריע, ווייל אין איר זעט זיך באַזונ-דערס בולט, וואָס פאַר אַן אונטערטעניקע ראָלע עס וויל אָפּגעבן דער פרוי אַפילו אַ קולטורעלער מאַנסביל (דער מחבר פאַררופט זיך אין בריוו אויף עטלעכע אייגענע געדרוקטע ווערק). ער שרייבט: „אַ פּראַקטישער אויסגאַנג פון דער פּ״ויען-טראַגעדיע, וואָס ווערט באַשריבן אין אייער בוך, איז: 1) באַקענען די יוגנט פון ביידע מינים מיט דער היגיענע פון געשלעכטלעכן לעבן און 2) פאַרשפרייטן צווישן עלטערע מיידלעך און פרויען מיטלען אַקעגן פאַרנומען-ווערן און געבן זיי אַ מעגלעכקייט אויס-צונוצן דערביי די הילף פון דאָקטוירים. די מורא, אַז מחמת דעם וועט אויסשטאַרבן דער מענטשלעכער מין, האַלט נישט אויס קיין קריטיק. די ביאָלאָגישע אומגליקלעכקייט פון דער פרוי מוז בלויז קאָמפּענסירט ווערן דורך געוויסע סאָציאַלע פּריווילעגיעס. די ראָלע פון אַן אידעאַלער פרוי אין דער געזעלשאַפט איז אַ טאָפּלטע: 1) פאַרן מאַנסביל איז זי די מוזע, וואָס דערהויבט ביז דער העכסטער מדרגה די טעטיקייט פון זיין מאַרך און פון גאַנצן אָרגאַניזם און 2) פאַר דער געזעלשאַפט איז זי אַ מאַשין אויף צו געבוירן קינדער. אין דידאָזיקע ביידע ראָלעס, באַזונדערס אין דער צווייטער, קאָן זי קיינער נישט פאַרבייטן. ביי אַ שטאַרקן פאַלן פון געבורטן צוליב ברייטער פאַרשפרייטונג פון פאַרהיטונגס-מיטלען, וועט מען די פרוי פּשוט מוזן באַטראַכטן ווי אַן אומ-באַדינגט נויטיקן אַרבעטער, און דעמאָלט וועלן מיר קומען צו פאָלגנדיקן אויספיר: כדי צו צווינגען די פרוי צו דער אַרבעט, מוז מען זי אומבאַדינגט אָפּצאָלן ווי ס׳געהער צו זיין. דעמאָלט קאָן מען זיין זיכער, אַז אַלעמאָל וועט זיך געפינען אַ גענוגנדיקע צאָל פרויען, וואָס וועלן מסכים זיין צו פאַרהיטן די מענטשהייט פון אויסשטאַרבן. ערשט דעמאָלט קאָן אויפבליען די אויגעניק. די בעסטע פרויען פון אויגענישן שטאַנדפּונקט וועלן פאָרטזעצן דעם מענטשלעכן מין, דערביי וועט זייער אַרבעט איינגעשטעלט ווערן לויטן לעצטן וואָרט פון דער וויסנשאַפט. מיט יעדער אַרבעט: פיזישער און גייסטיקער — מיט וויסנשאַפט, קונסט, און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, — וועלן זיי זיך קאָנען אָפּגעבן,

אויף וויפל דאָס וועט זיין נוצלעך פאַר זייער וויכטיקסטער אויפגאַבע — פאַר דער פאָרטזעצונג פון מענטשלעכן מין, און אויף וויפל דאָס וועט פאַרהיטן זייער געזונט און גוטע שטימונג. פאַר דעם זיווג וועלן באַנוצט ווערן די בעסטע פאָרשטייער פון די מאַנסבילן. דערביי מוז מען אָבער אומבאַדינגט שאַפן אַזעלכע באַדינגונגען, אַז ביידע, סיי ער, סיי זי, זאָלן האָבן אַן אילוזיע פון פולשטענדיקער פרייהייט. די איבריקע, ערגערע פון אויגע-נישן שטאַנדפונקט, מאַנסבילן און פרויען ליבן איינע די אַנדערע, געבוירן אָבער נישט קיין קינדער און פילן-אויס פּלערליי אַרבעט".

אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין ביכל איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אויך נישט ווייניק קוריאָזן. אייניקע האָבן עס אינגאַנצן נישט פאַרשטאַנען און האָבן מיך געזידלט פאַר זאַכן, וואָס איך האָב גאָר נישט געמיינט צו שרייבן. איינער אַ דייטשער רעצענ-זענט אַ גינעקאָלאָג איז געוועזן אויסער זיך, וואָס איך רוף-אָן די קימפעט — „פיזיאָלאָגישע קאַטאַסטראָפע". לויט אונזער מיינונג, שרייבט ער, איז עס אַ הייליקע פליכט פון דער פרוי, אַ ברכה פון גאָט, און בלויז די באָלשעוויסטישע געלערנטע קאָנען אויס-טראַכטן אַזאַ ווילדן נאָמען ווי „פיזיאָלאָגישע קאַטאַסטראָפע". איינער אַ זקן פון סיביר האָט מיר געשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין ביכל, אַז ער האָט געמאַכט אַ געניאַלע אַנטדעקונג, דהיינו, געפונען אַ מיטל קעגן מלחמות. ס'איז אים כלומרשט געלונגען צוזאַמענצושטעלן אַזאַ מין שטאָף, וואָס פאַרשטאַרקט אויסערגעווינלעך דעם געשלעכטלעכן אינסטינקט פון מענטש. לויט זיין מיינונג איז גענוג, ברייט צו פאַרשפּרייטן אָט דעם שטאָף, און אַלע מאַנסבילן און פרויען וועלן פאַלן איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס און פאַרגעסן וועגן אַלץ, אַפילו וועגן מלחמות.

נישט ווייניק פאָרווורפן איז מיר אויסגעקומען צו הערן צוליב מיין כלומרשט „נישט-מאַרקסיסטישן" צוגאַנג צו דער פרויען-פראַגע. איך פערזענלעך מיין, אַז דאָס איז פשוט אַ מיספאַר-שטייעניש. פון ווען אָן איז דאָס אויפדעקן קאָנפליקטן און קעגנזאַצן אין וואָסער-נישט-איז דערשיינונג געוואָרן אַ נישט-

מאַרקסיסטישער צוגאַנג? אין מיין ביכל האָב איך בולט אויפ־
געוויזן די ביאָלאָגישע באַזונדערקייטן פון מאַנסביל און פרוי און
די גאַנצע אייגנאַרטיקייט פון זייערע פיזיאָלאָגישע פונקציעס. צי
שטייט דען דאָס אין וועלכער־נישט־איז סתירה מיט דער פילאָזאָפיע
פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם? אונטערשטרייכנדיק און אויפ־
קלערנדיק די ביאָלאָגישע באַזונדערקייטן פון דער פרוי, האָב
איך, פאַרקערט, פאַרלייכטערט דעם דיאַלעקטישן צוגאַנג צום
געשלעכטלעכן פראָבלעם, כ'האָב געהאָלפן עס צו באַנעמען אין
זיין גאַנצער קאָמפּליצירטקייט מיט אַלע סתירות און דער אייגנ־
אַרטיקייט פון די דערשיינונגען, וואָס האָבן אַהערצו אַ שייכות.
זעלבסטפאַרשטענדלעך האָב איך געזאָגט נישט אַלץ, וואָס מען
דאַרף, נאָר בלויז אַ נישטיקן טייל דערפון. מען קאָן נישט אין
איין ביכל, און דערצו נאָך אומבאַדינגט אַ קליין ביכל (אַנישט
וואָלט עס געוועזן צו טייער פאַר די ברייטע לעזער־קרייזן), באַ־
טראַכטן אַלזייטיק די פראַגע. איך האָב אומישנע אויס־
געקליבן בלויז איין זייט פון דער דערשיינונג, וועלכע געהערט
צו מיין פאָרשונגס־געביט. אָט די זייט איז מיר נענטער פאַר
אַלץ און גלייכצייטיק איז זי ווייניקער באַקאַנט די לעזער־מאַסן.
פון אַזאַ ספּעציאַליזירונג אויף איין ביאָלאָגישער זייט פון דער
פראַגע איז נאָך אומענדלעך ווייט ביז אַ „נישט־מאַרקסיסטישן"
אָדער אַפילו „אַנטי־מאַרקסיסטישן" צוגאַנג צו דער טעמע. מען
מוז זאָגן פונקט פאַרקערט.

דער ביאָלאָגישער צוגאַנג איז גראָד אַ מאַרקסיסטישער און
אַ רעוואָלוציאָנערער צוגאַנג צום ענין. קיין ביאָלאָגישע „נישט־
מאַרקסיסטישע" פאַקטן זענען בכלל נישטאָ, און יעדער מאַרקסיסט
מוז אומבאַדינגט זיין אויך אַ ביאָלאָג. אמת איז נאָר, אַז דער
ביאָלאָגישער צוגאַנג גיט בלויז אַ טיילוויז און נישט קיין גאַנץ
בילד. מיט מיין ביכל האָב איך ווייניקער פאַר אַלץ פּרעטענדירט,
צו זאָגן, אַז מיט בלויז ביאָלאָגישע באַטראַכטונגען קאָן מען
אויסשעפּן די ריזיקע טעמע. דאָס האָב איך קלאָר און דייטלעך
דערקלערט אין דער הקדמה. איך בין ווייט אויך פון דעם
„פיזיאָלאָגיזם", מיט וועלכן עס זינדיקן אָפט די חברים־ביאָלאָגן.

איך שטעל אָבער פעסט, אַז אַריינטראָגן קלאָרקייט אין דער־דאָזיקער פראַגע קאָן מען בלויז זיך שטיצנדיק אויף ביאָלאָגיע, און אַז אָן דער וויסנשאַפט וועגן לעבן, — אָן פיזיאָלאָגיע — קאָן מען קיין שום נייעס נישט שאַפן אויפן געביט פון דער פרויען־פראַגע. דורך אַזאַ פאַרשמעלערונג פון דער טעמע האָב איך כּלל נישט געהאַט בדעה צו פאַרלייקענען די באַדייטונג פון דער סאָציאַלער זייט אין דערדאָזיקער פראַגע. איך האָב זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף איר אויסשליסלעך צוליב פעלן פון אָרט, און איך באַדויער דאָס נישט אַזוי שטאַרק, ווייל איצט זענען סאָציאַלע ידיעות אַ סך ברייטער פאַרשפּרייט איידער ביאָלאָגישע. די ביאָלאָגישע זייט פון דער פראַגע האָב איך בכּיוון אונטערגעשטראָכן און פאַרשאַרפט, ווייל די פאַקטן, וועלכע איך באַשרייב דאָ, זענען, אַזוי־צו־זאָגן, דער אַלף־בית פון דער געשלעכטלעכער אויפּ־קלערונג, און זיי מוזן זיין באַקאַנט יעדן־איינעם, כּדי ער זאָל קאָנען „מאַרקסיסטיש" צוגיין צו דער פרויען־פראַגע און אין אַלגעמיינעם צו דער געשלעכטלעכער פראַגע.

אַ פולקום מיספאַרשטייעניש זענען אויך די פאָרוואורפן, וואָס זענען מיר געמאַכט געוואָרן אין דער פרעסע, צוליב מיין כלומרשט מעטאַפיזישן צוגאַנג צו דער געשלעכטלעכער פראַגע. אַ גרונט דערצו האָט געגעבן דאָס ערשטע קאַפּיטל פון מיין ביכל, וווּ איך רעד וועגן דער געשלעכטלעכער ליבע ביי בעלי־חיים און מענטשן, ציטיר עטלעכע פאַרביקע פראַזן פון שאָפּענהויערס „מעטאַפיזיק פון ליבע" און דערמאָן אין געגנזנפּיסלעך דעם „גאָט פון מין".

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט באַווייזן מיר אייניקע קריטיקער מיט אַן ערנסטער מינע, אַז שאָפּענהויער איז בעצם נישט גערעכט, אַז קיין שום „גאָט פון מין" עקזיסטירט נישט א. אַ. וו. דערפון דרינגט, לויט מיין מיינונג, בלויז איינס: אָפּט נעמען זיך אָן צו קריטיקירן אַ בוך מענטשן נאַיווע, וועלכע פאַרשטייען נישט, וואָס איז אַזויגס אַ מעטאַפאָרע, און האָבן נישט קיין זין פאַר מאָלערישע אויסדריקן. ס'איז מיר פּשוט אין קאָפּ נישט איינגעפאַלן, אַז צווישן די לעזער פון מיין בוך וועלן זיך געפינען „חכמים", וואָס

וועלן פאַרשטיין אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט די אויסדריקן „וועגטקע פון דער נאַטור" אָדער „גאָט פון מין". אויב איך ציטיר שאָפּענהויערן, איז עס נישט דערפאַר, וואָס איך בין מסכּים מיט זיין מעטאַפיזיק פון געשלעכטלעכער ליבע, נאָר בלויז, וואָס איך שעץ אים ווי אַ גרויסן קינסטלער פון וואָרט און אַ מחבר פון שיינע און זאַפטיקע מעטאַפאָרן. איך באַדויער לחלוטין נישט, וואָס איך האָב עטוואָס באַלעבט מיין טרוקענע וויסנשאַפטלעכע באַשרייבונג מיט בילדער און ביישפילן, גענומען פון שרייבער, אויסערגעוויינלעך ווייטע פון מיר לויט זייער וועלט-אָנשויונג.

עס וואָלט מסתּמא געווען זייער נישט אינטערעסאַנט פונאַנדערצוקלייבן אַלע פאָרווורפן, וואָס זענען מיר געמאַכט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין ביכל. פּאָלעמיק איז דער סאַמע נודנער מין ליטעראַטור, און דעם מאַסן-לעזער גיט זי ווייניקער פון אַלץ. אויב אַ מענטש האָט באמת וואָס צו זאָגן, שרייבט ער וועגן דעם אַ ביכל, אָבער אַ זעלבשטענדיק, אַן אייגן ביכל. עס פּאָלעמיזירן צומייסט יענע, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין אייגענעם „פּולווער" און ווילן זיך „צורוקן" צו אַ ביכל, וואָס האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון לעזער, אָדער מענטשן, וואָס זענען ענלעך צו געוויסע זיך-שלענגלענדיקע געוויקסן און קאָנען נישט אויסקומען אָן פרעמדער שטיצע, כּדי אַרויסצוזאָגן עפּעס זייערן אַ געדאַנק.

יעדערער, וואָס וועט אויפמערקזאַם, און אָן אַ פאָרויס-באַשטימטער מיינונג איבערלייענען מיין ביכל, וועט זיך איבערצייגן, אַז קיין שום קאָמפּליצירטע פראַגן פאַרענטפער איך דאָ נישט און האָב, אָפן גערעדט, אַפילו נישט געוואָלט פאַרענטפערן, אַז קיין שום פּעסימיזם איז אין אים נישטאָ, און אַז דער מחבר האָט געהאַט בלויז איין אויפריכטיקע שטרעבונג — אַרויסצורופן ביים לעזער טיפע אַכטונג און מיטגעפיל צו דער פרוי.

---

